# קליין-פּרץ

אַנטאָלאָגיע

פון י. ל. פּרצס ווערק



צוזאַמענגעשטעלט און אַרויסגעגעבן
פון
יוסף קוצענאָגי (קיץ)
ניו-יאָרק, 1945



●

**יצחק־לייבוש פרץ — געבוירן דעם 18־טן מאַי, 1852 — געשטאָרבן דעם 3־טן אַפּריל, 1915, דעם דריטן טאָג חול־המועד פּסח.**

●

... איך רייד אין אייך נישט אריין, ווי אין פּאָנאָגראַפן, איר זאָלט ווען מ׳וועט אייך אָנדרייען, איבערחזרן וואָרט ביי וואָרט און שטענדיק דאָס אייגענע ...

אידעען מוזן ל ע ב ן! וואַקסן!

ווער עס זייט, וואַרפט נאָר זאָמען! נישט קיין צעקייט ברויט און נישט קיין בלומען־שטאַנגען. — — —

אויף אייך — — — קוק איך, ווי אויף חנוכה־לעמפּלעך, שולחן־ליכט און שבתדיקע בענטש־ליכט נאָר — אויסגעלאָשענע. שלעכטע ווינטן האָבן געבלאָזן ...

נישט אייער ל י כ ט, אייער צוריק־אָנצינדער וויל איך זיין! מיט בליצן וויל איך אייך אָנצינדן ... לייכטן ז י ך און אנדערע זאָלט איר אליין!

(געדאנקען און אידעען)

---

# פרץ וועגן זיך:

מיינע קינדער יאָרן
מיין עלטער זיידע
מיין עלטער באָבע
מיין זיידע
מיין באָבע
ר׳ בערישל
די רביצין
מיין מאַמע
מיין טאַטע
מיכל מלמד
ר׳ יודל
מיין שטאָט זאמאָשטש
איך אַליין

באַמערקונג:

אין אַלע אויסצוגן האָב איך זיך געהאַלטן פּינקטלעך ביים אָריגינאל. ארויסגעלאָזטע ווערטער זיינען באַצייכנט מיט דריי שטריכעלעך (— — —), אַריינגעשטעלטע ווערטער מיט קלאַמערן [ ].

## מיינע קינדער יאָרן:

גדעדענקען געדענק איך מיך נאָך גאָר אַ קינד:

1) צווישן יינגלעך און מיידלעך אויף אַ הויף, 2) אויף אַ פּאָדלאָגע אין חדר. דער מלמד האָט געהייסן חיים-קעלבל. אַ יידל, זע איך איצט פאַר מיר, אַ קליינס, אַ קליין בערדל, קליינע אייגעלעך און א קליין ספּאָדיקל, און 3) ביים בעלפער אונטערן אָרעם. אַ זאַווערוכע — און ער טראָגט מיך אין חדר אריין . . .

צו דריי יאָר — אָנגעהויבן (גלייך מיט אַלע חברים) חומש. געלערנט „ויקראָ". זאָגן פלעג איך: „ויטראָ", נישט געקאָנט ארויסברענגען קיין „ק"; קיין „ג" אויך נישט. יאָרן לאנג פלעגט מען מיך רופן:

דוד דדוד ידודנו (גד גדוד יגודנו) . . . — — — —

## מיין עלטער-זיידע:

מיין עלטער-זיידן האָט מען גערופן „דער סטאראָסטער". „ר' ליבוש סטאראָסטער"; איך היים נאָך אים — דער משוגענער ליבוש! (איך פאל דאָך ביי מיר נישט אָפּ) און פאר וואָס האָט מען אים גערופן סטאראָסטער? ווייל ער האָט זיך געפירט ווי א סטאראָסטאַ, ווי א שררה! געהאַט זיך זיין באַזונדערע שטוב, נישט קיין אַלקיר! רויט

געפּאַרבטע טיש און בענקלעך, געטראָגן זיידענע זאָקן, געדעדט דייטש ווי אַ וואַסער, און אַז ס'איז געקומען דער שררה זאַמאָיסקי, דער אָרדינאַט, וואָס האָט זאַמאָשטש געבויט, פֿלעגט ער אים רופן און רעדן מיט אים פּה־אל־פּה, און נישט: „סלוכיי, זשידקו!” נאָר מיט גרויס דרך ארץ . . .

## מיין עלטער־באָבע:

האָט אַ געוועלב געהאַט, אַ גרויס געשעפֿט פֿון קאָלאָניאַל סחורה, טאַקע מכל טוב און — מעבר לים . . . — — — אין דעם געוועלב — הערט, וואָס אַ יידענע אַ צדיקית קען! — זיינען געווען אָפּגעטיילט צוויי שופֿלאָדן: איינס מיט ראָזשינקעס, דער צווייטער מיט מאַנדלען, פֿאַר אָרעמע לייט. דער גאַנצער פּדיון — אויף צדקה! און קומט אַריין אַן אייגן קינד און וויל אַ ראָזשינקע, קריגט עס איבער די הענטלעך; מוז עס אַריינוואַרפֿן אין אַ באַזונדערן שופֿלעדל פֿאַר אָרעמע לייט אַ גראָשן... אַ פּרוטה.

## מיין זיידע:

געהייסן, ווייס איך, האָט ער שלמה, געווען אַמאָל אַ דאַנציקער סוחר. פֿאַרציילט האָט מען, אַז איינמאָל איז ער אַהיים געקומען, ווי מ'זאָגט, מיטן בייטשל... געווען איז עס פֿרייטיק. געגאַנגען אין באָד אַריין, דערנאָך צו קבלת שבת. „אָפּגעפּראַוועט” דעם שבת, ווי אַלע מאָל, קיין סימן פֿון עינוי, און ערשט מוצאי־שבת נאָך הבדלה צוזאַמענגערופֿן אַלע בעלי־חובֿות זיינע און געזאָגט:

„רבותי, איך בין געקומען אַן אַ גראָשן, נעמט אייך צו אַלץ, וואָס איז שטוב!"

— חנהלע, דערלאַנג! — האָט ער זיך געווענדט צו דער באָבען.

## מיין באָבע:

און די באָבע חנהלע האָט אויסגעטאָן די צירונג און געלייגט אויפן טיש. געעפנט די שאַנק מיט זילבער און גאָלד, אַריינגעבערענגט די חפצים פון אַנדער שטיבל... קיינער אָבער האָט נישט גערירט.

די באָבע האָט איר קראָם געהאַט, האָט מען פון קראָם געלעבט, איינציקווייז די חובות באַצאָלט מיט פּראָצענט. און קינדער אויסגעגעבן.

## ר' בערישל:

צו זעקס יאָר האָב איך אָנגעהויבן גמרא. דעמאָלט — אַלע אַזוי.

דעם גמרא־מלמד געדענק איך בעסער.

אויך אַ קליין מאָגער יידל, גערופן האָט מען אים דער־ריבער: בערישל. אַ בייז יידל. שלאָגן אָבער קען ער נישט. אַז ער קומט אין כעס אַריין, הויבן אים אָן די הענט צו ציטערן.

— הענע! — רופט ער דעמאָלט צו דער רביצין — כאַפּ די קאָטשערע און שפּאַלט דעם עם־הארץ דעם קאָפּ!

## די רביצין:

הענט רירט זיך נישט. זיצט ביים אויוון, פליקט פע־דערן אָדער שטריקט אַ זאָק. גייט עס וועגן מיר, ענט־פערט זי:

— הערסט, ריר ליבושלען נישט אָן . . . איך וועל פאַרציילן ריבעלען.

## מיין מאַמע:

ריבעלע איז מיין מאַמע. און די רביצין איז געווען אָן איינקויפערין פון ציבעלעס, גרינס . . . און פלעגט טראָגן צו אונדז אויך, אַ דריסת הרגל געהאַט. און ליב געהאַט די מאַמען און מיך. אַפּנים, דער מאַמען צוליב.

— אַ יידענע, פלעגט זי זאָגן, אַ צדיקית... קאַרג אויף זיך און אויפן הויז־געזינד — און גיט צדקה, אָבער צדקה! און ער, דער גזלן, וויל שלאָגן איר ליבושלען!

— נו, נו, — ברומט דער רבי, זאָג איר, וואָס פאַר אַ תכשיט זי האָט . . .

זי פלעגט זאָגן — נאָר קאַפּויר . . .

## מיין טאַטע:

איז דעמאָלט נאָך אַ קעסט־קינד געווען, אין דער היים געזעסן און בטבע אַ ליבעראַל, אפשר אַן אַנאַרכיסט.

אַז ס'איז ארויס אַ קלאַנג, אַז מ'וועט נעמען צום מי־ליטער, און מ'האָט זיך אָנגעהויבן שרעקן, האָט ער גע־ראָטן: נישט שרעקן זיך און נישט גיין. קיינער זאָל נישט גיין . . .

— מ׳וועט שמייסן!
— אַ וועלט שמייסט מען נישט!
— שמידן אין קייטן!
— נישטאָ אַזוי פיל קייטן!
— איינזעצן אין תפיסה!
— אַכיבע מאַכן די וועלט פאַר אַ תפיסה! — — — —

אַ פרעמדן ארויפלייגן אויף מיר אַ האַנט וואָלט ער געווים נישט געלאָזט. פון דעם ווייסט ר׳ בערישל און די רביצין, וואָס זיצט שטענדיקביים אויוון, טוט עפּעס, פאַר־קוקט אין די תלמידים און פאַרהערט אינעם לערנען.

איבער דער רביצין, אויפן גזימס פון אויוון, ליגט שטענדיק אויסגעצויגן די קאַץ, אַ גרויסע, אַ פוילע...

טרעפט זיך אָבער, אַז די רביצין דרימלט איין ביים שטריקן אַ זאָק, אפשר איינגעוויגט פון גמרא־ניגון, און פאַרלירט די קנויל. גיט שוין די קאַץ, וואָס האָט דערויף געלאָקערט, אַ שפרונג אַראָפּ פון גזימס צו דער קנויל און הויבט זיך אָן מיט דער קנויל צו שפּילן, ווי מיט אַ מויז, און פאַריאָגט זי ביז אונטערן בעט...

מיר פּלאַצן אוים מיט געלעכטער... די רביצין כאַפּט זיך אויף. דער רבי ווערט בייז...

פאַר אַזאַ געלעכטער (איך פלעג לאַכן צום שטאַרקסטן) האָט ער מיך שוין איינמאָל געוואָלט ערנסט שלאָגן. איז אָבער פונקט אַריינגעקומען דער טאַטע... די סצענע ביים זיך מיט אַמאָל.

— אַ, ר׳ יודל! וואָס מאַכט איר ר׳ יודל? זעצט אייך ר׳ יודל...

די רביצין פרעגט: וואָס ריבעלע מאַכט. און דער טאַטע ווענדט זיך גלייך צו מיר און פרעגט:

— וואָס שוויצסטו אַזוי, ליבעלע?

— וואָס הייסט ? — פאַרכאַפּט דער רבי, אוים מורא — איך זאָל נישט פאַרציילן : — ווי הייסט, די תורה הקדושה, ברוך השם, וואַרעמט . . . און אַ זומער־טאָג . . .

באַקומט דער טאַטע אַ ליבעראַלן איינפאַל און זאָגט צום רבין :

— ווייסט איר וואָס, ר' בערישל ? לאָזט יעדן טאָג אַרוים די קינדער פאַר דער טיר אויף אַ שעה !

גלייך אַ דונער וואָלט אין בערישלען אַרייַנגעשלאָגן...

גלאָצט ער אוים אַ פּאָר אויגן און הויבט אָן שטאַמלען :

— וואָס רעדט איר ? ווי הייסט ? זיי זאָלן זיך שפּילן אין ליים ?

מ'האָט געזאָלט אַרויפּציען אַ נייעם שטאָק, האָט מען אָפּגעלייגט ליים פאַרן הויז.

— פאַרוואָס נישט ? — ענטפערט דער טאַטע צוריק.

גיט זיך ר' בערישל האַלב אונטער :

— מילא, בנוגע צו אייער ליבושלען... אַז איר ווילט . . . — — — —

וואָס איך האָב געלערנט ביי דעם ר' בערישלען, געדענק איך נישט . . .

## מיכל מלמד :

אַ מאָדנער ייד געווען דער „געלער מיכל" — אַ בלאָנדע באָרד געהאַט. אַ מלמד געווען און דערביי שמש אין בית־המדרש. געווען איז ער אַ גרויסער בעל־חשבון און געקאָנט „מדידה". לערנען, אויסער מיט אונדז אין חדר, האָט אים קיינער נישט געזען. — — — אויף אַ „גראָב" יינגל פלעגט ער קוקן מיט גרוים רחמנות : „פאַרשטאָפּט נעבעך". אויף אַ „וואויל יינגל" — גלייכגילטיק. „ווּעסט

זיין א למדן" — און אין טאָן איז געלעגן: הכלל וואָס? מאַי כולי האי? אַמאָל האָט ער נאָך געזאָגט נישט אָן באַ־האַלטענעם בזיון: „וועסטו זיין א רב!" דאַוונען האָט אים אויך קיינער קיינמאָל נישט געזען. „אַ באַהאַלטענער קאָצ־קער" — האָט מען געזאָגט; קאָצקער פלעגן נישט האַלטן פון דאַוונען. געמוזט האָט עס זיין בסוד — א מתנגדישע שטאָט, אַ מתנגדישער בית-המדרש. — — —

באַהאַלט, זעט אויס, ר' מיכל זיין קאָצקער חסידות, דרייט זיך בשעתן דאַוונען אַרום צווישן עולם אין טלית ותפילין, נאָר ער זאָל עס אַ ריר טון מיט די ליפּן. די תלמידים רירט ער נישט אָן. מיך אוודאי נישט. ביי דער רביצין בין איך א חשוב, איר שוועסטער דינט ביי אונדז! — — —

איך ווייס אויך נישט, וואָס איך האָב ביי דעם מיכלען געלערנט. געוויס נישט מער, ווי אַ ביסל נאָכטראַכטנדיק שווייגן, געוויס זיך אָנגענומען מיט אַביסל שטילן, גוט־האַרציקן אומעט, וועלכן איך דערקען אין מאַנכע פון מיינע זאַכן. אפשר האָט ער מיר מיט די שטילע אויגן איבער־געגעבן אַביסל חסידות?

## ר' יודל:

ביי אים זאָגט מען שוין אַ „לייענען" אויך.

צוויי זאַכן האָט ער ליב געהאַט, דער ר' יודל:

שמייסן איבער די פינגער מיט ריטלעך און — פּיראַ־געס, וואָס די רביצין פלעגט אים מאַכן אין אַ יומאָ דפגראָ — און אַוועקגיין . . . זי קען נישטליידן „ווי דער בעל־תאוה פרעסט, ווי דאָס שמאַלץ רינט איבערן פּיסק"...

די רביצין מישט זיך נישט צום לערנען און איז אויך

נישט קיין איינגייערין ביי מיין מאַמען, זי זאָל סטראַשען, זי וועט פאַרציילן. דער טאַטע איז שוין סוחר, זעלטן אין דער היים. און ר׳ יודל לאָזט זיך וואויל גיין, און איך גיי אַרום מיט געשוואָלענע פינגער גלייך מיט אַלע, און פיר מיט אים מלחמות גלייך מיט אַלע. — — —

געהאַט האָט ער אַ לאַנגע ווייסע באָרד, האָבן מיר זיך איינמאָל גענומען זי צוצוקלעפּן צום טיש. אַוונט געווען, נאָך די פּיראָגעס, איז ער איינגעדרימלט געוואָרן. התימה און טריוואַקס גרייט, דאָס ליכט אויפן טיש ברענט. מ׳רירט זיך צו. האָט ביי עמעצן, זעט אויס, פאַר שרעק אַ ציטער געטאָן די האַנט, אַ צופּ געטאָן אַ האָר פון באָרד. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און געכאַפּט זיך צו די ריטלעך. — — —

איינמאָל האָבן מיר אים אויף אַ גליטש פאַרנאַרט. הינטערן בית-המדרש איז געווען אַ גליטש. האָבן מיר זי צווישן מנחה ומעריב פאַרשיט מיט שניי און געשיקט אַ חבר אין בית-המדרש אַריין, ער זאָל די רעשט פאַרן רבין פאַרמאַסערן, אַז מ׳גליטשט זיך . . . גייט ער אַראָפּ, קומט אויף דעם גליטש, קערט זיך איבער: אַ שווערער מענטש געווען. הויבט ער זיך אָן פאַלט, הויבט זיך און פאַלט. מיר לאַכן . . . ווילן אַנטלויפן. שרייט ער נאָך: רחמים! שווערט, ער וועט אונדז נישט שלאָגן, גאָר נישט טון . . .

האָבן מיר אים אויפגעהויבן און ער האָט וואָרט גע־האַלטן.

## מיין שטאָט זאַמאָשטש:

איך זע זאַמאָשטש נאָך אַלס פעסטונג אין איר מאַכט, פּראַכט און אַרומגעוואָרפענער שרעק . . . אַרום — נישט

פאַרלאָזטע, נישט אָפּגעשיטע, נישט אָפּגעשטאָכענע וואַלן; צווישן וואַלן און וואַלן — פּאָסן מיט וואַסער; טיף, קלאָר וואַסער . . . אַ זעלנער, פון אַ דאָרף אין טיף־רוסלאַנד, האָט זיך אַמאָל אַהיים פאַרבייַנקט, אַנטלאָפן פון קאַזאַרמע, געוואָלט אַריבערשווימען דאָס וואַסער, צו שווערע שטיוול געהאַט, און — דערטרונקען געוואָרן. אַרום — אויף די וואַלן — אַרמאַטן, קאַרטעציען, דריי־און־פיר־עקן מיט קוילן — מ'טאָר אויף זיי נישט ווייזן מיט אַ פינגער! ס'גייט אויף און אָפּ, אויף דער וואַך, אַ באַוואָפנעטער זעלנער, און גיט מען אַ ווייז מיט אַ פינגער — „פיף־פאַף"! געשאָסן, און לית־דין ולית דיין! ס'קומט אַזוי!

די בראָמען זיינען נאָך בראָמען. אין דער פרי בלאָזט אַ טראָמפּייט, עפנט מען. פאַרנאַכט שפּילט מען „זאָרים" — פאַרמאַכט מען . . . — — — — איבער די „וואַסערן" פון די פּאָסן, הינטער אַלע דריי בראָמען — דריי אייזערנע הענגל־בריקן אויף קייטן . . . פאַרן עפענען די בראָם לאָזט מען זיי אַראָפּ, פאַרן פאַרמאַכן ווערן זיי אויפגעהויבן . . . — — — אַ פיר־עקיקער מאַרק מיט אַ שתי וערב פון צוויי ברוקירטע גאַסן. שטעלט איר אייך, למשל, אין מיטן שטאָט, אויפן פונקט, וואו די ברוקירטע גאַסן לויפן זיך צוזאַמען, מיטן געזיכט צום מאַגיסטראַט מיטן זייגער־טורם — האָט איר אַרום זיך די גאַנצע, שאַרף אָפּגעגרע־ניצטע, רוסיש־באַלעבאַטישע מלוכה.

האָט איר: פאַר זיך — אַ שמאָל געסל צום טאַרג; פון טאַרג — אויך אַ שמאָלס, צו דער לובלינער בראָם.

רעכטס, עטוואָס אונטער זיך — די לעמבערגער בראָם . . . — — —

צווישן ביידע בראָמען, אין און איבערן וואַל — קאַ־

זארמען. קאַשארן גרויסע, פעסטע, מיט רויטע ציגל באַ־זעצטע, געדעקט מיט אייזן. — — —

זאַמאַשטש — א ליטישע שטאָט!

פון אייביק אויף אַן „עיר מלאה חכמים וסופרים", — געוועזן א שטאָט פון תורה, „און וואו תורה — דאָ חכמה". — — —

דאָס בית המדרש איז „פול מיט קארפּן קעפּ", און ס'איז ענג: „מ'לערנט נאָך אין פּאָליש, מ'לערנט נאָך אויף די טרעפּ"... און ווי געזאָגט: „וואו תורה — דאָ חכמה". איז שטענדיק אזוי געוועזן. אזוי דערציילט מען! נישט מ י ר!

## איך אַליין:

איך הער א ו נ ט ע ר. „וואו מ'זייט מיך נישט", — אויב ס'ווערט נאָר עפּעס פארציילט, „וואקס איך אויף", און „זיץ ווי אַ גולם" מיט אַן אָפן מויל. עלטערע וואונ־דערן זיך: „אַן עלויישער קאָפּ!"; חברים: „אַ יונג ווי א „קוועקזילבער" און לייגט אוועק פאר מעשהלעך — א בלאַט גמרא, גליטש און טייך!" איך אַליין פאַרשטיי עס אויך נישט, נאָר ס'ציט מיך. — — —

וואָלט איך געהאַט אין דער האַנט, אַנשטאָט אַ פעדער צום באַשרייבן, א בליישטיפט צום צייכענען, וואָלט איך פון מיר, פון דעמאָלדיקן, פון יינגלישן — א קאַריקאַ־טור געמאַכט:

קליין, מאָגער, הענט און פיס, ווי די שטעקלעך; אַ קאָפּ — אַ גרויסער; אַ שטערן אין קאָפּ — אַן איינגע־

שרומפּענער; אונטער אים — אויגן, גרויסע, זוכענדיקע, שמערצלעך־פרעגנדיקע . . .

און איך זיץ אין אַ שיפל, אַ קליינס; דאָס שיפל איז צוגעבונדן צו אַ שפּאַריוודיקן לופט־באַלאָן, וואָס טראָגט עס . . . טראָגט עס דריי טפחים הויך, איבערן השכלה־וואַסערל . . . דאָס שיפל איז איבערגעלאָזט אויפן ווינטס בּאַראָט. אַ י ך, אין דער האַנט, האָב אַ שמעטערלינג־נעצל, מיט וועלכן איך באַוועג האַסטיק אין דער לופט און כאַפּ פּראָבלעמען . . .

כ׳בין שוין אַן אַלטער שרייבער. עטאַפּן דורכגעמאַכט:

חבר דינעזאָן האָט אָפּגעדרוקט די „באַקאַנטע ביל־דער"; קיין גראָשן נישט צוריקגעזען. איך האָב מיט הילף פון גוטע מענטשן אַרויסגעגעבן דריי בענדער „יידישע ביבליאָטעק"; צוגאַנגען ווי זאַלץ אין וואַסער — צוזאַמען מיטן אויסגעלייגטן קאַפּיטאַל. שוין נאָך די „יום־טוב־בלעטלעך", וואָס די ראַדיקאַלע יוגנט האָט פּאַרטיילט, געלט נישט אָפּגענומען און, נאַטירלעך, נישט אָפּגעשיקט. און —

שוין נאָכן יובילייאום.

מיין אַדרעס: וואַרשע, צעגלאַנא נומער איינס — די „פּערציסטן נעסט" . . . שוין, הייסט עס, אַ שול געמאַכט.

אַ חדר געהאַט און — אַליין געבליבן. נע ונד דאָס פֿאָלק, בפרט זיין באַהעם — יונגע שרייבער. אַוועק און מיט נעמען!

נעמען האָבן באַקומען, לייט זיינען געוואָרן — די „קונדייסים" פון חדר.

די, וואָס האָבן נישט געלאָזט זיך פירן! די אַנדערע, וואָס האָבן אַזוי גערן זיך אונטערגעגעבן דער צענזור, גע־

שטופּט דעם מאַנוסקריפּט צו מיין בלייִשטיפט — זאָל גאָט זיך אויף זיי דערבאַרעמען!

איך האָב זאָמען געשטרייט, איבער זיי שבעה נקיים געזעסן, און קוים זיך עפּעס דערוואַרט. באַווייזט זיך אַ קעפּל, ס'שפּאַלט קוים די ערד, איך גיב שוין אַן אָנהאַל־טעניש, אַן אָנשפּאַרעניש, זאָל עס נישט קריכן אַרום איבער דער ערד. אַרויף, צו דער הויך! דרענגלעך אונטער־געשפּאַרט!

די דרענגלעך זיינען געבליבן!

בין איך אַליין.

מען קומט נאָר צו מיר נאָך „סמיכות" . . .

# לידער און באַלאַדן:

די צוויי ברידער
דריי נייטאָרינס
פאָלקס מאָטיוו
מיין נישט
מ אָ נ י ש

## די צוויי ברידער:

אויף יענער זייט ים איז געשטאַנען אַמאָל
אויף הינערנע פיסלעך אַ הייזל אין טאָל,
געשטאַנען זיך איינפאַך, אָן עזות, אָן שטאָלץ,
אָן פוצעכץ, אָן צירונג — פון ליים און פון האָלץ!
אַ פענצטער אַ פיצלס, נאָר חנעוודיק האָלד!
די זון זי באַשיט עס טאָג-טעגלעך מיט גאָלד!
לבנה און שטערן
פאַרהאַלטן זיך גערן
און מאָלן מיט זילבער די שויבן.

דאָס האָט דער הימל די ליבע באַלוינט:
עס האָבן אין הייזל צוויי ברידער געוואוינט!
עס האַלטן צוויי הערצער צוזאַמען געטריי.
שווער איז די אַרבעט, נאָר ס'אַרבעט זיך פריי!
ווייס איז דאָס מעבל, מיט קלייען דאָס ברויט,
נאָר אַלץ איז צוזאַמען — די פרייד און די נויט!
עס האָט זיך געלעבט,
די צייט האָט געוועבט
איר לאַנגן, איר כשרן פאָדעם!

נאָר איינמאָל באַווייזט זיך אַ גאַסט אויף דער שוועל,
פול גינגאָלד, שמאַראַגדן, עס פינקלט זיין פעל!

די שלאַנג איז געקומען מיט גלאַנץ און מיט פּראַכט;
דער עלטערער ברודער דערזעט זי און טראַכט:
עס איז אויף דער וועלט דאָך רייכטום פאַראַן!
ווען איך האָב אַ שמאַראַגד, איך, אָרעמער מאַן,
כ'פאַרקויף אים, וואָס ניט?
כ'וואָלט אויפן יריד
געקויפט מיר צו מעלקן אַ קו!

די שלאַנגען — זיי ווייסן, וואָס ס'טראַכט זיך ביי לייט;
זי ווינקט אים און רופט אים אַוועק אין אַ זייט
און זאָגט אים: „איי, ברודער, וואָלסטו נאָר געוואָלט,
שיטסטו דיר אָן פעסער פול גאָלד,
קרעלן, דיאַמאַנטן, בריליאַנטן אַ וועלט
און אַלץ, וואָס מ'קען נאָר באַקומען פאַר געלט!
איך מאַך נישט קיין שפּאַס:
פאַראַן אַזאַ סוד,
איך קען דיר אים זאָגן אין וואַלד!"

די שלאַנג איז אַוועק, און דער יינגערער קלערט:
„ווי גאָט האָט זיך יעדן זיין שיינקייט באַשערט;
גיי פרעג'ן: דער גלאַנץ און די שיינקייט וואָס טויג?"
די ליידנשאַפט פלאַמט שוין אין עלטערנס אויג:
קרעלן, דיאַמאַנטן, בריליאַנטן — אַך, גאָט!
זי זאָל נאָר נישט נאַרן און זאָגן דעם סוד!
קוקט ער צום וואַלד,
און גנבעט זיך באַלד
פון ב ר ו ד ע ר אַרויס צו דער ש ל אַ נ ג!

די זון גייט שוין אונטער, פאַרגאָלדט נאָך די זוים
פון וואָלקן אין הימל; און אונטער אַ בוים

זיצן שוין ביידע — דער מענטש און די שלאַנג;
זיי זיצן צוזאַמען און שמועסן שוין לאַנג.
ער ציטערט און ווייסט נישט — פאַר פרייד צי פאַר שרעק?
זי וויקלט דאָס האַרץ אים אַרום מיטן עק
און רעדט פון דיאַמאַנטן,
קרעלן, בריליאַנטן:
„אַלץ וועסטו האָבן גאָר גרינג!"

„באַטראַכט נאָר דיין ברודער, דאָס איז אַ פאַבריק
פון קרעלן, בריליאַנטן, דיאַמאַנטן און גליק!
עס טרעפט זיך, ער אַרבעט און וואונדערלעך היים
ווערט אים, דער שטערן באַדעקט זיך מיט שוויים,
עס טריפן די טראָפּן! . . . ער ווישט מיט דער האַנט;
לאָז נישט! דער טראָפּן דאָס איז אַ דיאַמאַנט!
נאָר אַרבעטן היים!
קלויב אויף דעם שוויים!
שיטסטו אָן פעסער דיאַמאַנטן!"

„ס'טרעפט און אים פאַלט פון די ברעמען אַ טרער;
מיינסטו, דו נאַר, עס איז וואַסער נישט מער,
און טרייסט'ן און האַלדזט'ן; דו האַלטסט עס נישט אויס,
און קושסט אים די טרערן פון ד'אויגן אַרויס!
פאַרשווענדסט דיין פאַרמעגן, דו נאַרישער קאָפּ!
לאָז וויינען, לאָז טריפן! און קלויב יעדן טראָפּ!
אַ טרער, האָב פאַרשטאַנד,
דאָס איז אַ בריליאַנט, —
רייך וועסטו זיין ווי אַ קעניג!"

„דערנאָך — האָט דיין ברודער אַן איידעלע פּעל,
אַ שטאָך מיט אַ נאָדל — דו האָסט שוין אַ קרעל!
בלוט — זאָגסטו — איז עס, בלוט — זאָגסטו — אַ קאַפּ?
דו נאַר! עס איז קרעלן, דו צאַפּ נאָר און צאַפּ!
זאָל ער נאָר בלוטן און בלוטן נישט קאַרג!
אָנשיטן וועסטו שוין קרעלן אַ באַרג!
דו האָסט אַ פאַבריק,
און מאַך דיר דיין גליק,
ביסט שטאַרקער און ווייסט שוין דעם סוד!”

די ליפּן פאַרביסן, די פויסטן געביילט,
גייט שוין דער עלטערער ברודער פון וואַלד,
די אויגן — זיי ברענען און זיימען זיך שוואַרץ,
דאָך צאַפּלט די ליבע צום ברודער אין האַרץ;
ער טרייסט זיך: „איך וועל דאָך נאָר מאַכן אַ פּרואוו,
אַ שטאָך וועל איך געבן אַ קליינעם, נישט טיף;
מיין ברודער? איך וויים!
נאָר טרערן און שוויים,
זיינען דאָך בריליאַנטן, בריליאַנטן!”

עס הערט די לבנה נאָך ד׳אייגענע נאַכט,
ווי ס׳האָט אינעם שטיבל געוויינט און געלאַכט.
עס קוקן די שטערן אין פענצטער אַריין:
ווי לאַכט עס אַ ברודערביים ברודערס געוויין?!
די זון האָט צומאָרגנס געוואונדערט זיך שטאַרק:
ווי שלאָגט עס אַ ברודער דעם צווייטן אין קאַרק?
עס וואונדערט צוגלייך
דעם וואַלד און דעם טייך:
וואָס איז עס אין שטיבל געשען?

און עס איז געקומען אויף ביידע גאָטס שטראָף!
דאָס גליק איז פאַרשוואונדן, עס ווייכט זיי דער שלאָף,
אוועק איז די ליבע, דער פרידן אוועק! —
דער שלאָפט נישט פאַר ווייטיק, דער צווייטער —
פאַר שרעק;
דער שרייט: ס'איז מיין עשרות, מיין רייכטום, מיין גוט!
און יענער: ס'איז טרערן, מיין שוויים און מיין בלוט!
דיאָם, דיאָם, דיאָם, דיאָם
אויף יענער זייט ים
רייסט מען זיך שוין ביי די האָר!

## דריי נייטאָרינס:

די אויגן רויט, די ליפּן בלאָ,
קיין טראָפּן בלוט אין באַק נישטאָ,
דער שטערן בלאַס, באַדעקט מיט שוויים!
דער אָטעם אָפּגעהאַקט און היים — —
עס זיצן דריי מיידלעך און נייען!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די נאָדל — בלאַנק, די לייוונט — שניי
און איינע טראַכט: איך ניי און ניי,
איך ניי ביי טאָג, איך ניי ביי נאַכט,
קיין חופּה-קלייד זיך נ י ש ט געמאַכט!
וואָס קומט ארויס, איך ניי?

נישט איך שלאָף און נישט איך עס . . .
איך וואָלט געגעבן אויף מאיר בעל-נס,
אפשר וואָלט ער זיך געמיט:

אַן אלמן כאַטש, אַן אלטן ייד.
מיט קינדערלעך אַ שאָק!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די צווייטע טראַכט: איך ניי און שטעפּ,
און שטעפּ מיר אוים גאָר גראָע צעפּ!
דער קאָפּ — דער ברענט, די שלייף — זי האַקט
און די מאַשין — קלאַפּט צו צום טאַקט:
— טאַ־טאַ, טאַ־טאַ, טאַ־טאַ!

איך פאַרשטיי דאָך יענעמס ווינק!
אַן אַ חופּה, אָן אַ רינג,
וואָלט געווען א שפּיל, אַ טאַנץ,
אַ ליבע אויף — אַ יאָר אַ גאַנץ!
נאָר דערנאָך, דערנאָך?

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די דריטע שפּייט מיט בלוט און זינגט:
איך ניי מיך קראַנק, איך ניי מיך בלינד.
עס צוויקט די ברוסט ביי יעדן שטאָך...
און ער — האָט חתונה די וואָך!
איך ווינטש אים נישט קיין שלעכטס!

עט, פאַרגעסן וואָס אַמאָל!...
תכריכים וועט מיר געבן קהל,
אויך אַ קליינטשיק פּיצל ערד,
איך וועל רוען אומגעשטערט,
איך וועל שלאָפן, שלאָפן!

## פאָלקס־מאָטיוו:

שטיינערנע פּאַלאַצן
אייזערנע באַלקאָנען,
טרעפּ פון ווייסן מאַרמאָר,
גאָלדענע סאַלאָנען.

קריסטאָלענע זשיראַנדאָלן
בלאַנקען דורך די שויבן . . .
דאָרט וועט מיין געליבטער
זיך אַ כּלה קלויבן.

זיך אַ כּלה קלויבן,
שענער און געזינטער . . .
און איך וועל דאָ פוילן,
ווי אַ בלאַט אום ווינטער . . .

## מיין נישט:

מיין נישט, די וועלט איז אַ קרעטשמע — באַשאַפן
מאַכן אַ וועג מיט פויסטן און נעגל
צום שענק פּאַס, און פרעסן און זויפן, ווען אַנדערע
קוקן פון וויטן מיט גלעזערנע אויגן
פאַרחלשט, און שלינגען דאָס שפּייעכץ און ציען
צוזאַמען דעם מאָגן, וואָס וואַרפט זיך אין קרעמפּן! —
אָ, מיין נישט, די וועלט איז אַ קרעטשמע!

מיין נישט, די וועלט איז אַ בערזע — באַשאַפן,
דער שטאַרקער זאָל האַנדלען מיט מידע און שוואַכע,
זאָל קויפן ביי אָרעמע מיידלעך די בושה,
ביי פרויען די מילך פון די בריסטן, ביי מענער
דעם מאַרך פון די ביינער, ביי קינדער דעם שמייכל,
דעם זעלטענעם גאַסט אויפן וואַקסענעם פּנים — —
אָ, מיין נישט, די וועלט איז אַ בערזע!

מיין נישט, די וועלט איז אַ הפקר — באַשאַפן
פאַר וועלף און פאַר פוקסן, פאַר רויב און פאַר שווינדל;
דער הימל — אַ פאַרהאַנג, אַז גאָט זאָל נישט זען!
דער נעפּל — מען זאָל אויף די הענט דיר נישט קוקן;
דער ווינט — צו פאַרשטיקן די ווילדע געשרייען;
די ערד איז צו זאַפּן דאָס בלוט פון קרבנות —
אָ, מיין נישט, די וועלט איז אַ הפקר!

די וועלט איז קיין קרעטשמע, קיין בערזע, קיין הפקר!
געמאָסטן ווערט אַלעס, געוואויגן ווערט אַלעס!
קיין טרער און קיין בלוטיקער טראָפּן פאַרגייען,
אומזיסט ווערט קיין פונק און קיין אויג נישט פאַרלאָשן!
פון טרערן ווערן טייכן, פון טייכן ווערן ימים,
פון ימים — אַ מבול, פון פונקען — אַ דונער —
אָ, מיין נישט, לית דין ולית דיין!

## מאָניש:

צו וואָס איז אונדזער לעבן גלייך?
צו אַ טייך!
און די מענטשן — צו די פיש!

ס'וואַסער איז געזונט און פריש,
וואָלט'מיר שווימען אָן אַן עק;
שטעלט דער שוואַרצער זיך אַוועק,
ווי אַ פישער אויפן ברעג — —

שטייט דער שטן אויפן לאַנד
מיט דער ווענדקע אין דער האַנט —
כאַפּט די פיש.

אויף אַ ווערעמל נישט קיין ריינס —
אויף אַ תאווהלע אַ קליינס,
תענוג אויף אַן אויגנבליק . . .
אָנגעצויגן שוין דער שטריק,

אין דער לופטן קוים אַ טרעסל,
ס'פליט דער העכט שוין צונעם קעסל
אויפן פייער פון גיהנום . . .
און געפּרעגלט און געבראָטן . . .

און — ימח שמו — מ'קען אים
און מ'ווייסט: ס'איז מעשה־שטן

און ס׳געראַט׳ם,
ווייל דאָסווערעמל ציט און ציט . . .

כ׳זינג דערביי אויך אַ ליד!
לייגט די אויערן צו און הערט!

ס׳איז געווען אַמאָל אַן עילוי —
כ׳ווייס נישט ווען און וואו אפילו,
נאָר אין פוילן, און, אַפנים,
אין דער גוטער אַלטער צייט . . .
און ביי גוטע פרומע לייט:

פרום דער טאַטע,
פרום די מאַמע;
די משפחה —
לומדים סאַמע,
און זיי שמען
אויף דער וועלט,
און מבינים גרויסע זאָגן:
זיי וועט אַלע איבעריאָגן
מאַניש — אונדזער העלד . . .

צינד אינגאנצן
זיבן, אַכט!
און אַ מתמיד —
טאָג, ווי נאַכט!

תורה זאַפט ער ווי אַ שוואָם;
און אַ קעפל — ווי אַ בליץ,

צי אַרויף — צום העכסטן שפּיץ,
צי אַראָפּ — אין טיפסטן תהום!
ווי אַ וואַסער זופּט ער ט״ז;
מעג דער רמב״ם זיין, ווי האַרב,
טרעפט ער באַלד אַריין אין קאַרב,
און אַ בקי שוין אין ש״ס . . .

און אַ שיינער יונג — אַ פּראַכט:
שוואַרצע לאָקן, ווי די נאַכט;
רויטע ליפּלעך — רויזן צוויי,
שוואַרצע ברעמען, ווי די בויגן,
ווי דער הימל בלויע אויגן, —
און דאָס פּייערל אין זיי!

אָנצוקוקן איז אַ פרייד
מיידלעך ווערן רויט און בלאַס,
אַז ער ווייזט זיך אויף דער גאַס, —
אַז דער שיינער מאָניש גייט . . .

די יונגע רביצין אין חדר,
זיצט אַ גאַנצן טאָג כסדר,
קוקט אויף מאָנישן און קוועלט —
אויפן קוימען לויפט און ברענט,
און זי זיצט פאַרלייגט די הענט,
הערט, מכלומרשט, ווי מען קנעלט . . .

און דער שכנה — שיינער אָדל
פאַלט פון האַנט אַרויס די נאָדל, —
לאָזט זיך אונדזער מאָניש הערן!

פרעסט דאָס הערצל מיטן הענטל,
דריקט דאָס אויערל צו צום ווענטל,
און עס קייקלען זיך די טרערן . . .

אָבער ריין, ווי גאָלד, איז מאָניש,
פון דעם אַלעם ווייסט ער גאָר ניש׳ !
וואָס האָט אונדזער מאָניש האָלד ?
ער האָט ליב אַ בלאַט גמרא,
ער האָט חשק צו אַ סברא . . .
„שור שנגח את הפרה" !
אַז מען שמועסט, אַ גאָלד . . .

און אין יענער צייט
האָט מאָניש אַלם עילוי געשמט !
קומען לומדים פון דער פרעמד
און רבנים פון נאָנט און ווייט
דעם עילוי פארהערן
אַ נייער שטערן !
עס טאַנצן פאַר שמחה די זילבערנע בערד, —
וואויל דער מאַמען, וואָס האָט׳ם געטראָגן,
וואויל דעם טאַטן, וואויל איז דעם אָרט !
כ׳גיב עס איבער וואָרט אין וואָרט,
נאָר וואָס אַרט זאָגן ?

געלעבט האָבן דעמאָלט
די אַלטע באַלעבאַטים, —
מעשענע ברילן,
זילבערנע בתים,
גאָלדענע עטרות,

אייזערנע מוחות . . .
אַנדערע יאָרן,
אַנדערע כוחות . . .

אין בית־המדרש —
קעפּ אויף קעפּ ;
מ׳לערנט אין הייזל,
אויף די טרעפּ,

ס׳ווערט פאַר חצות
קיין ליכט פאַרלאָשן —
אַ פראַשבע — אַ רענדל,
תורה מ׳גראָשן !

---

הויכע בערג פאַראַן אַ סך,
נאָר אַררט פון תנ״ך
מיט די שנייען אויפן קאַרק
איז אַן אויסטערלישער באַרג ;

אויף זיין רוקן, ווי באַשריבן,
איז די תיבה שטיין געבליבן
נאָכן מבול. און מען הערט,
ווי זיין ליבער נאָמען שווערט
אייביק לעבן פאַר דער ערד . . .

„רצחע, מענטשל, גנבע, מסר,
כ׳וועל נישט טאָפּיען דיך אין וואַסער :
איך פאַרשטעל מיר בעסער ד׳אויגן״ . . .

נ׳הענגט אַרוים אַ פּיילנבויגן
אויפן הימל לזכרון . . .

אַמאָל איז געווען, אַ פּעקל מיט יאָרן, —
עס זיצט נאָך די תיבה טיף אין שנייען,
און עס לעבן דאָרט אין צווייען
ס״ם און לילית — מאַן און ווייב,
צוליב דער קעלט און צייט־פאַרטרייב,
פון גיהנום גאַנץ פאַרבאָרגן,
נישט אַ ליבער טעט־אַ־טעט?

איין מאָל פרימאָרגן
סמאָל ליגט נאָך און רויכערט אין בעט,
לילית מאכט טואַלעט
געגן דעם צוהר*), —
עס קלינגט אין טויער:
„העריין!״
באַווייזט זיך, דערשראָקן, אַ שד,
קלאַפּט מיט די ציין,
פאַלט מיטן פּנים און צאַפּלט אויף דר׳ערד:

— „אַ, קעניג מיין,
האָסט פאַר דער וועלט
דיין פּנים פאַרשטעלט;
האָסט גאַרנישט געהערט,
גאַרנישט געזען . . .
און ציינד איז שוין שפּעט, עס ציטערט דיין טראָן״.

*) אויגענטלעך, אַ פענצטער; לויט לעגענדע, אַ טייערער שטיין, וואָס האָט באַלויכטן די תיבה!

ס״ם שפרינגט אויף: „הער באראָן,
וואָס איז געשען?״

— „אין קעניגרייך פוילן
האַרט ביי דער גרענעץ,
שטייט זיך אַ שטעטל
גרויס, ווי אַ גענעץ.

(כ׳רעד נישט פון מקום!)
הערט מען עס זעלטן, —
הייזלעך, ווי ניסלעך;
שמות — געצעלטן!

דרייען זיך יידלעך
אַרום ווי די מתים;
מ׳האָט קיין פּרנסה,
מ׳לעבט פון תעניתים.

אַן האַנדל, אַן וואַנדל
האָט תורה אַ קיום,
מ׳פּאַשעט למדנים,
ס׳וואַקסן עילוים . . .

וואַקסט צינד אַ פּרי,
וועט עס פאַרשעמען
פוילן און ליטע,
פּרייסן און בעמען . . .

וועט ער אויסוואַקסן,
לאָזסטו אים פריי,
זע׳מיר פאַרפאַלן,
ביסטו פאַרביי!

מיט אייזערנע ריטער
וועט ער אונדז דרעשן;
און וועט אין גיהנום
ס׳פייער פאַרלעשן!

וועט ער אונדז יאָגן
מיט שרעקלעכן האַס,
ברענגען משיחן,
חלילה וחס!״

---

ווי ס״ם האָט די ווערטער דערהערט,
איז אים די שמחה געוואָרן געשטערט,
פלאַמען אים אויף די אויגן רויט,
און ער שוויצט מיט טייוולס קויט,
ווי אַ קעסל אויפגעברויזט,
לויפט צו לילית מיט דער פויסט...

— „זי איז שולדיק, זי אַליין!״

— „די נום איז האַרט,
נאַר, מיין מאַן, וואַרט
זי קנאַקט דאָך אונטער די ציין...
נצחון איז זים;
גרייט אָן די שפּיז,
דער בראָטן וועט קומען אליין!״

ענטפערט לילית און פאַרשווינדט
אויף די פליגל פון אַ ווינט. —

---

טראַ־ראַ־ראַ, טראַך!
וואָס איז געשען?
האָט נישט ווער ערגעץ
משיחן געזען?

ווען בלאָזט מען שופר?
אלול, נישט תמוז!
צי איז משוגע
געוואָרן דער שמש?

ס׳בלאָזט טראָמפּייט,
ס׳קנאַלט און קנאַקט,
אַן עקסטראַ פּאָסט
קומט אָן פון טראַקט!

בלאָזט די טראָמפּייט,
קנאַקט צו די בייטש,
שטייט מען מיט אָפענע
מיילער: וואָס טייטש?

וואָס טייטש?
געקומען פון דאַנציק אַ דייטש;
האַנדלט מיט ווייצן, האַנדלט מיט קאָרן,
ס׳איז אינעם שטעטל אַ מחיה געוואָרן,
איינמאָל אַ קונה! איינמאָל אַ צאָלער!
ס׳בליצן די רענדלעך, ס׳בלאַנקען די טאָלער!

פון פּאַרשום אַ רעגן!
פּאַרלייגן די פּויערים מיט פורן די וועגן,
האַנדלען בטלנים,
שוחטים, דיינים,
מען לויפט, מען קויפט און פאַרשיקט . . .
גאָט האָט דאָס שטעטל מיט איינמאָל באַגליקט.

און ס׳איז געקומען אַ גאָלדענע צייט,
מ׳טראָגט אין דער וואָכן אַטלאָס און זייד —
חתונות מאַכט מען טאָג־טעגלעך כּסדר,
באַוואָרפן די שניידער מיט חתונה־קליידער!

עס זיינען אָן הענט שוין די קלעזמער געבליבן,
די חופּה צערים, די שטאַנגען צעריבן.
מ׳האָט שוין פון בדחן קיין כּוח צו לאַכן,
מען קריגט שוין קיין וואַקס נישט, הבדלות צו מאַכן.

מ׳האָט מיט איינמאָל פאַרגעסן די נויט:
ווער נעמט עס אין מויל, מ׳באַקט נישט קיין ברויט!
ס׳ווערן געגעסן נאָר לעקעך און פלאַדן,
און משקה — צום באָדן!

---

האָט דער דייטש זיך מיטגעבראַכט
איין איינציק טעכטערל — אַ פּראַכט:
גאָלדענע לאָקן ביז די פיס,
אויגלעך העלע, ווי די שטערן,
און אַ קול — אַ פרייד צו הערן!
האָניק — זיס,
און אין סאַמעט איינגעהילט!

רעדט זי, גלייך אַ פידל שפּילט!
לאַכט זי — אַ קאַסקאַדע פרייד!
און דער טרעגער אונטער דער לאַסט,
און אין קלויז, דער פּרוש, וואָס פאַסט,
נאָר מ׳לאַכט, קינד און קייט!
דאָך דער עיקר איז דאָס לידל,
ס׳רעדט אַ פידל, ס׳זינגט אַ פידל . . .
עס ווערט אַזוי זיס, ס׳ווערט אַזוי באַנג . . .

מאָניש לערנט שוין לאַנג אין קלויז,
און טאָג אויף טאָג פאַרביי דעם הויז
מיט זאַנג און קלאַנג
גייט ער אין דער קלויז אַריין,
און ער שטעלט זיך אָפּ אין טויער,
זאַפּט די לידער איין אין אויער.
און ס׳פאַרשיכורט אים ווי וויין, —
(אַ זינדיקן מענטשן, עפר ואפר!)
נעמט דערנאָכדעם זיך צום ספר,
שווימען די זעלבע ניגונים אַרויס,
זינגט זיי שטונדן אויפן זייגער,
און עס הערט פאַרבליפט די קלויז:
נישט קיין וואָלאַך, נישט קיין שטייגער,
און עס ציט די קליי אַרויס . . .

אַ חבר קוקט,
זעט ער, מאָניש זיצט פאַרצאָגט,
און פאַרציטערט, ווי אין פיבער,
און אַ שטערן בלאַס, ווי קרייד,
און פאַרקוקט ערגעץ ווייט

פון פענצטער אַרויס, פון ספר אַריבער.
— „אוי, וואָס איז דיר, מאָניש, זאָג?"
און אַזוי טאָג אויף טאָג,
טאָג אויף טאָג!
זעט די מוטער ווי מאָניש פאַרשווינדט:
— „וואָס איז דיר, מיין קינד?
ווער האָט פאַרלאָשן, וואָס פאַר אַ ווינט,
די אויגעלעך דיינע, די שיינע הבדלות?
וואו האָסטו גענומען ניגונים — יללות?

פלעגסט דאָך זינגען גאַר אַנדערע זאַכן,
ס'פלעגט דאָך פאַר תענוג ס'האַרץ אין מיר לאַכן
ביים חזן אין שול, צי שבת ביים טיש;
ווי אַ פויגל פריי, ווי אַ גלעקל פריש,
היינט — עפּעס אַנדערש זינגט פון דיר אַרויס,
וואָס איז דיר, מיין קינד, דער מאַמען זאָג אויס!
עס שרעקט זיך די מאַמע דיין!"

— „ווייס איך דען, מאַמע, וואָס ס'זינגט אין מיר?
כ'וויל גאָרנישט זינגען, עס זינגט זיך אַליין!
ס'פליען די קולות, ווי פייגל פון נעסט...
און אַזוי זינגט זיך, אַזוי ווי דו זעסט!"

---

און אין מקום איז געווען
פון קדמונים אַ מפּולת:
(כ'וויל נישט נעמען אויף משקולת, —
פון אַ קלויסטער, צי אַ שלאָס;
כ'גיב עס איבער אות באות,
כ'האָב עס אין אַ בוך געלעזן...)

וואוינען לצים אין דער חורבה,
און מ׳קרייט דאָרט און מ׳לאַכט,
און זיי בילן, און זיי מיאַוטשען,
און זיי שרעקן נאַכט אויף נאַכט.

וואַרפן שטיינער פון די לעכער,
איבער הייזער, איבער דעכער,
און אויפן דאַך
גייט אויף דער וואַך
אַרום אַ הונט, קודלאַטע, ווילד,
וואָס האָט קיינמאָל נישט געבילט,
נאָר געשטשירעט מיט די ציין . .
מילא, ציטערט הויט און ביין,
יידן און, להבדיל, קריסטן,
ווייכן לאַנג די גאַנצע גאַס,
און מיט הויכן גראָז באַוואַקסן,
שטייען הייזלעך פוסטע־פּאַס!
קומט די נאַכט, באַווייזט זיך מאָניש
אין די שאָטן פון די ווענט . . .
און ער שלייכט זיך צו דער חורבה,
מיט די לאַצן אין די הענט —
אים באַגלייטן צוויי מלאָכים:
אין דער לינקער זייט אַ שלעכטער,
און מיט טרערן אין די אויגן
גייט דער גוטער אין דער רעכטער.

און דער גוטער מלאך רוימט אים
אינעם רעכטן אויער אַריין:
„האָב אויף דיר אַליין רחמנות,

זאָלסט פאַר גאָט נישט זינדיק זיין.
דען די וועלט האָט ער באַשאַפֿן,
וואָס אין הימל, וואָס אויף דר'ערד!
און די אַלע שבעים אומות,
וועלכע לעבן אויף דער שווערד!
נאָר א תמצית פון די פעלקער
האָט ער יידן אויסגעצויגן,
און זעקס הונדערט דרייצן מצוות
אָפּגעמאָסטן, אָפּגעוואויגן!
און וועט די היטער פון זיין תורה
מיט ש"י עולמות פאַרגעלטן —
זאָג זשע, בחור, איז אַ דייטשקע
ווערט אַזוי פיל שיינע וועלטן?"

חוזק מאַכט דער שלעכטער מלאך,
רוימט אין לינקן אויער אַריין:
„ועסט דערנאָכדעם תשובה טון,
און ער וועט דיר מוחל זיין!
האָט דען ראובן נישט געזינדיקט,
אָדער דוד מיט בת שבע?
און זיי לויכטן אין גן־עדן!
ווייל ער האָט א גוטע טבע —
און אַ ליאַדע קרום, אַ טרער,
אין א ווינטער־טאָג אַ תענית,
און אַ קרעכץ: איך וועל נישט מער,
און ער גלויבט דיר אויף נאמנות"...

הערט ער, מאַניש, די מלאכים,
און דער ישוב דויערט נישט לאַנג.

זי באַווייזט זיך שוין אין פענצטער,
און עס כישופט איר געזאַנג.

קוים געהערט און קוים געזען,
און ער פליט שוין פייל פון בויגן . . .
בלייבט דער גוטער מלאך שטיין
מיט די טרערן אין די אויגן . . .

---

און אין חורבה ברענט די ליבע;
פלעדער־מייז און שפינען הערן
זייער זינגען, זייער לאַכן,
זייער קושן, זייער שווערן!

זי פאַרלאַנגט, ער זאָל איר שווערן,
אַז עס איז קיין ליידיק פּלוישן,
אַז ער וועט זי נישט פאַרגעסן,
אויף אַ צווייטער נישט פאַרטוישן.

און ער שווערט איר ביי זיין רבין,
ביי דעם טאַטן, ביי דער מאַמען
און ביי אַלע נאָך צוזאַמען! . . .
— „זאָג, וואָס נאָך? אום גאָטעס ווילן!"
און זי שעפּטשעט: „ווייניק, ווייניק!"
און ער שווערט איר ביי די פּאות,

ביי די ציצית, ביי די תפילין,
אַלץ פאַרברענטער און פאַרשייטער,
און זי שמייכלט און זי בעט זיך:
„שווער נאָך ווייטער, שווער נאָך ווייטער!

ווייל אַ בחור קאָן פאַרפירן,
קען פאַרגעסן," — האָט זי מורא . . .
און ער שווערט אירביים פּרוכת,
ביים פּרוכת, ביי דער תורה . . .

און זי רופט אַלץ: „העכער, העכער!"
זי וויל זיכער זיין אינגאַנצן,
און זי כישופט מיט די ליפּלעך,
און די אויגעלעך — זיי גלאַנצן,

און זיי פליסן לויטער כישוף,
און ער האָט קיין לאַנגן ישוב,
שווערט ביים שופר של משיח,
„העכער, העכער!" ביז ער האָט
דעם נאָמען גאָט . . .
פון זינדיקן מויל אַרויסגעזאָגט —

פון דער הויך אַ דונער שלאָגט!
פון גיהנום — אַ געלעכטער —
און פון שוועבל גייט אַ ריח,
און ער פליט שוין, פייל פון בויגן,
אויף אַ בעזעם אין דער הויך!

---

אויפן באַרג אררט דאָרטן
איז אַ לעבן, אַ געפּילדער,
ס'איז א באַל דאָרט אין דער תיבה,
און אַ שרעקלעכער, אַ ווילדער!

און ציגיינער פון גיהנום,
צען קאַפּעלן מוזיצירן,
און שאַמפּאַניער — ווי וואַסער,
און די רוחות קאַנקאַנירן.

לאַמפּן — טוויזנט פּעסער סמאַלע!
די רשעים זיינען קנויטן,
גייט אַרום אַן עקסטרא שמש
מיט אַ שערל צו די צויטן!

און די קעניגין איז לילית,
אין די אויגן האָט זי בליצן,
טראָגט סמאַל די לאַנגע
שלעפּע מיט בראַבאַנדער שפּיצן...

אָן דער זייט פון תּיבה־טויער,
ביי דעם לעפּל פונעם אויער
אָנגעשלאָגן, מאַניש שטייט...
ס'פייער ברענט... די שפּיז איז גרייט...

## פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן:

ביים גוסס צוקאָפּנס

דריי מתּנות

דריי קיכלעך

באָנציע שווייג (א סאטירע)

## ביים גוסס צוקאַפּנס:

1.

דער שמש פון גן־עדן — אַ ליכטיקער מלאך — אַן אָפּגלאַנץ פון זיין ליבן נאָמענס שטראַלנדיקער גענאָד, קומט איינמאָל פאַרנאַכט פון גן־עדן אַרויס און עפנט, צע־רודערט און פאַרזאָרגט, אַ פענצטערל פון הימל. בויגט אַרויס דעם שטראַלנדיקן קאָפּ און ווענדעט זיך מיט אַ טרויעריקער, ציטערדיקער שטימע צו דער אונטערגייענ־דיקער זון און פרעגט:

— ווייסטו נישט, זון, וואָס ביי לייבל קאָנסקיוואָלער טוט זיך?

די זון שווייגט; זי ווייסט נישט.

נאָך אומרואיקער ציט דער מלאך זיין שטראַלנדיקן קאָפּ צוריק.

און נישט אומזיסט איז אומרואיק דער מלאך.

שוין מכּמה וכּמה שנים רוישן צוויי מאָל אין טאָג אַלע זיבן הימלען מיט לייבל קאָנסקיוואָלערס „שמע ישראל״...

ווי אַ זילבערנער שרויט צעשיט זיך זיין „אח— — ד״ צופוסנס ביים כּסא הכּבוד . . . און עס קאָלערט זיך דער „אחד״ און זומט, און ברומט, און זידט, ווי אַ מחנה זומער־פייגלעך, וואָס גלוסט און בענקט צו דער פלאַם, ווערט צו־געצויגן צו איר און בריט זיך און ברענט אין איר, מיטן גרעסטן תענוג פון „יסורים של אהבה״ . . .

דאָס לעצטע מאָל האָט ער אים צו שחרית געהערט.

צו מנחה האָט ער שוין געפעלט!

אין געבעט און לויב-געזאַנג פון אלע וועלטן איז דער־ריבער אַ פגימה געוועזן . . .

אין אָרקעסטער איז פלוצלונג שטיל געוואָרן אַ כלי; אַ סטרונע ביי אַן ערשטער פידל האָט געפּלאַצט און איז פאַרשטומט געוואָרן.

צי האָט לייבל קאָנסקיוואָלער פאַרגעסן צו דאַווענען מנחה?

וועט ער זאָגן צוויי שמונה-עשרהס ביי מעריב?

נידעריקער לאָזט זיך דערווייל אַראָפּ די זון. די שטיל באַהאַלטענע שאָטנס קריגן רשות, ארויסצוקומען פון זייערע באַהעלטענישן, — און זיי קריכן אַרויס פון די שפּאַלטן אין די פעלדזן ביי ימים, פון גריבער און היילן אין וויסטע מדבריות, פון אונטער בוימער און צווישן צווייגן און בלעטער אין די טיפסטע וועלדער . . . און זיי פאַרשפּרייטן זיך איבערן ישוב און פלעכטן זיך אַרום און אַרום . . .

און אָט איז אַראָפּ די זון אינגאַנצן. לבנה און שטערן בלאַנקען שטיל-שווייגנדיק אויף און נעמען איבער די ממשלה איבער דער וועלט אויף איבער נאַכט... און זיי שפּינען און וועבן זייער פאַרכישופטע שפּינוועבס — אַ זילבער-דינע נעץ איבער דער פאַרמאַטעטער ערד...

און גלייך מיט דער זון איז איבערן הימל פאַרזונקען געוואָרן די חיה מיט דער אויפשריפט „אמת" אויפן שטערן, און צוזאמען מיט דער לבנה איז אַרויסגעשוואומען פון דער צווייטער זייט די חיה מיט דער זילבערנער טרעסט אויפן שטערן און מיט דער אויפשריפט „אמונה"...

און באלד עפענען זיך שטיל-שווייגנדיק די טויערן פון הימל, און לאָזן אריין גאנצע מחנות נשמות פון איינגע־

שלאָפענע מענטשן, וואס קומען נאַכט אויף נאַכט אַרויף און פארשרייבן אין די הייליקע ביכער, ווי אזוי עס האָט זיך אָפּגעלעבט דער טאָג...

און עס סקריפּען די פעדערן, און עס רוישן מיליאָנען־מיליאסן פליגל, טייל ווייסע ווי שניי, ס׳רוב גרויע און פאר־פלעקטע, מאנכע אויך רויט־פארבלוטיקטע...

און אַלע זיבן הימלען ווערן פול מיט א געמישטע גע־רויש פון געבעט, חרטה, בענקעניש, ליבשאפט, האָפנונג און שרעק... און פּלוצלונג בלייבט אלץ ווי פארשטאַרט.

אַרום כסא הכבוד וויקלט זיך שטיל א זילבערנער נעפּל, וויקלט זיך און וויקלט זיך און ווערט טונקעלער און טונקעלער...

און פון אונטערן נעפּל הערט זיך א ברומען ווי פון א טויב:

„וויי איז מיר, וואָס איך האָב חרוב געמאַכט מיין הויז...

„וואָס איך האָב פאַרברענט מיין פּאַלאַץ...

„וואָס איך האָב פארטריבן מיין זון, מיין איינציקן זון"...

און אַ שוידער פון רחמנות גייט דורך אַלע זיבן הימלען...

און עס ווערט ווייטער שטיל, אלץ האָט זיין אָטעם פארהאַלטן, וואַרטנדיק ווי אויף א נס, אויף עפּעס אַ וואונ־דער, אויף א בשורה אַ נייע...

עס איז אָבער גאָרנישט געשען...

עס דערהערט זיך פון אונטן א קול: עס קרייעט דער האָן.

פון כסא הכבוד גייט אָפּ דער נעפּל, דער פאַרכישופ־טער שוידער פּלאַצט און צערינט... עס עפענען זיך וויי־

טער די פענצטער פון הימל, די נשמות פליען צוריק ארוים . . . מלאכים מיט ברילִיאַנטענע פלעדערווישן יאָגן ארוים די פאַרשפּעטיקטע, די פאַרציטערטע, פאַרווײנטע און טיף דערשראָקענע . . .

עס דויערט נישט לאַנג, און מען הערט ווי מען קלאַפּט אונטן צו חצות . . .

באַלד הויבט אָן בלאַס און בלאַסער צו ווערן דער צייכן „אמונה״ אויף דער זילבערנער טרעסט. אַ דינער, רויטלעכער שטראַל וועקט זיך פון מזרח־זייט . . .

דער גן־עדן־שמש וועקט זיך ווי פון אַ טיפן חלום, גייט צו און עפנט נאָך אַמאָל אַ פענצטערל אין הימל, בויגט ארוים דעם קאָפּ און רופט, פרעגנדיק:

— לבנה און שטערן, איידער איר פאַרשווינדט, צי קענט איר מיר נישט זאָגן, וואָס עס האָט מיט לייבל קאָנ־סקיוואַלער פּאַסירט?

און דעמאָלט האָט זיך גאָלדן־צעפלאַקערט אַ קליין שטערנדל פון ווייטן, איז צוגעשוואומען צום פענצטערל, און האָט געענטפערט:

— איך ווייס, ליכטיקער מלאך!

איך בין דורך קאָנסקיוואַלע געשוואומען און האָב אין זיין פענצטערל אריינגעקוקט . . . ער שטאַרבט, לייבל קאָנ־סקיוואַלער . . . אַן אַלטער מאַן . . . זיין ווייסע באָרד איבער דער קאָלדרע בלאַנקט ווי ריין זילבער . . . נאָר דאָס פּנים איז איינגעשרומפּן און געל . . . איך האָב געזען, ווי מען האָט אים אַ פּעדער אונטער די נאָזלעכער געלייגט; איך האָב אָבער נישט געזען, זי זאָל זיך רירן.

און דער מלאך, דער שמש פון גן־עדן, האָט ביי קיי־נעם קיין רשות נישט גענומען, על דעת עצמו איז ער אַראָפּ־

געשאָסן אויף דער ערד נאָך לייבל קאָנסקיוואָלערס נשמה. —
עס וועט אן אומגעריכטע פרייד זיין אין גן־עדן.
אזוי האָט ער געטראַכט.

---

פלינק פליען מלאכים, נאָר — די שוואַרצע ווי די ווייסע . . .
און אַז דער ליכטיקער מלאך איז אַראָפּגעקומען, האָט ער שוין געטראָפן אַ פינצטערן מלאך ביים גוסס צו־קאָפּנס . . .
צי איז דער פינצטערער פריער אַרויס, צי האָט ער צו אונדז אַ קירצערן וועג? ווער ווייסט?
— וואָס טוסטו דאָ? — וואונדערט זיך דער ליכטיקער מלאך, דערשראָקן. — עס איז דאָך לייבל קאָנסקיוואָלער!
— איז וואָס? — לאַכט דער שוואַרצער. און צוויי שורות ווייסע ציין בליצן אים אַרויס פון אויסגעקרימטן מויל . . .
— דאָס איז מיין נשמה! איך בין שמש פון גן־עדן.
— זייער אנגענעם! — מאַכט דער שוואַרצער אַ העויה, — איך בין נאָר אַ לאַפּיטוט פון גיהנום, נאָר לאָמיר זען!
און ער גיט אַ שאַר מיט אַ פוס אונטערן קראַנקנס בעט, און עס רוקט זיך אַרויס אַ פאַרבונדענער זאַק.
— וואָס ליגט דאָ אין זאַק?
— טלית ותפילין, — וויל דער גוטער מלאך טרעפן.
— אונטערן בעט באַהאַלטן? עבירות באַהאַלט מען!
און ער בויגט זיך אַראָפּ צום זאַק און בינדט אים אויף, און עפנט אים, און דערלאַנגט אים אַ שטויס מיטן פוס — אַ גאָלדענער גלאַנץ וואַרפט זיך איבער דער שטוב, אַ

גאָלדענער קלאַנג לויפט אים נאָך — גאָלדענע רענדלעך שיטן זיך אויס . . .

— גנבה־געלט, גזלה־געלט ! — רופט אויס דער שוואַרצער מלאך : אויסגענאַרט ביי נישט קלוגע, גערויבט ביי אלמנות, געגזלט ביי יתומים, פון צדקה־פּושקעס אַרויסגענומען . . . מיט בלוטיקע טרערן זיינען זיי געוואַשן און האַרציקע בלוט־פלעקן קלעפּן אָן זיי . . . און זע, ווי ער וועקט זיך, אז מען רירט זיין גאָלד !

מיט פאַרשלאָסענע אויגן וואַרפט זיך דער גוסס . . .

פאַרציטערט בלייבט דער ווייסער מלאך און פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים מיט דער ערשטער פּאָר פליגל . . . דורך אַ שפּאַלט פון לאָדן רייסט זיך אַריין אַ שטראַל פון דער מאָרגנדיקער זון, ער פאַלט איבערן גוססעס ברעמען — זיי ציטערן.

צום לעצטן מאָל עפנט ער האַלב די אויגן אויף :

— ווער איז דאָ ? — פרעגן די פאַרשוימטע, פאַרגעלטע ליפּן מיט אַ שאָרך פון אַ פאַרפוילטן בלאַט . . .

— איך ! — ענטפערט דער שלעכטער מלאך, — איך, וואָס איך בין נאָך דיין נשמה געקומען . . . קום !

— וואוהין ?

— אין גיהנום אַריין !

פאַר שרעק פאַלן דעם גוסס צוריק די אויגן צו.

— בעט, בעט גאָט ! — רופט דער גוטער מלאך. — טו תשובה . . . עס איז נאָך צייט . . . זיי מפקיר דיין גאָלד . . .

— שמע . . . — הויבט דער גוסס אָן.

— ער וועט נישט מפקיר זיין ! — זאָגט דער שלעכטער מלאך און לייגט זיין שווערן, שוואַרצן פליגל איבערן

גוססעם פּנים, און אונטערן פליגל ווערט דאָס קול צוזאַמען מיטן גוסס דערשטיקט.
דער ווייסער מלאך רוקט זיך אָפּ פאַרשעמט.

2.

אין אַ פינצטערער, פאַרגאַסענער האַלבער נאַכט, צווישן געדרויש, געשריי און געפילדער אין גיהנום, שניידט זיך דורך אַ שאַרף־שניידנדיקער באַפעל:

— נחמנקע פון זבאַראַש גייט אוים... ער פלעגט זיך שניידן די נעגל נישט איבערגעהיפּערט, אַוועקוואַרפן... נישט איין מאָל פאַרגעסן מנחה צו דאַווענען, — ווער גייט נאָך זיין נשמה?

— איך! — רופט זיך אָן אַ מלאך־חבלה.

— גרייט דערווייל צו אַ קאָכנדיקן קעסל סמאָלע.

ער שפּרינגט אונטער און פליט אַרויס פון גיהנום...

געשווינד פליען שלעכטע מלאכים, צום גליק אָבער גוטע אויך; די גוטע זיינען אפשר ווייטער פון אונדז, נאָר דאָס גרעסטע רחמנות טראָגט זיי...

און אַז דער מלאך־חבלה איז צום קראַנקנס בעט געקומען, האָט ער שוין צוקאָפּנס אַ ווייסן גוטן מלאך געטראָפן. ער איז געזעסן און האָט געטרייסט:

— שרעק זיך נישט, אָרעמער מענטש, פאַרן טויט... עס איז נאָר אַ בריק, אַ קורצע גרענעץ צווישן פינצטערקייט און ליכט... פון זאָרג און אומרו, אָן איבערגאַנג צו רו און גליק.

נאָר דער קראַנקער, דוכט זיך, הערט נישט; ער איז פאַרטראָגן, און די פלאַמענדיקע אויגן בלאָנדזשען אַרום אויף די ווענט...

און דער שוואַרצער מלאך בלייבט שטיין ביי דער טיר און קוקט פאַרוואונדערט . . .

— האָסט נישט קיין טעות, חבר ? — פרעגט ער דעם ליכטיקן מלאך.

— ניין ! — ענטפערט דער גוטער, — איך בין געשיקט געוואָרן נאָך דער נשמה, נאָך דער ריינער באַרעמהערציקער נשמה ; דו קענסט איבער איר קיין שליטה נישט האָבן !

— ער האָט נישט על פּי דין די נעגל געשניטן ! . . .

— איך ווייס, — האַקט אים איבער דער גוטער מלאך ; נאָר דערפאַר קיין איינציקע רגע פאַר זיך נישט געלעבט . . . נאָר פאַר שוואַכע און קראַנקע, פאַר אלמנות און יתומים, פאַר פאַרפינצטערטע, פאַרוואָגלטע, פאַרמאַטערטע . . .

— ביי אונדז אין בוך איז פאַרשריבן, וויפיל מאָל ער האָט מנחה פאַרפעלט . . .

— נאָר קיינמאָל נישט פאַרפעלט, ווען מען האָט געדאַרפט עמעצן העלפן. קיינמאָל נישט פאַרגעסן צו טרייסטן, צו האַרציקן און צו קרעפטיקן דאָרט, וואו די פליגל זיינען אראָפּגעפאַלן מיד, וואו די גאַל האָט געזאָלט די ריינסטע נשמה פאַרגיסן, וואו די לעצטע האָפנונג, האָט זיך געדאַכט, איז פאַרשוואונדן . . . ער האָט זיך קיין הויז נישט געבויט . . . דאָס דאַך איבערן קאָפּ נישט פאַרריכט, זיין בעט זיך נישט ווייך געבעט, קיין ליבשאַפט ביי קיין פרוי נישט געזוכט, אויף קיין נחת פון קינדער נישט געהאָפט . . . נאָר אַלץ פאַר אַנדערע . . . ווייל אַלע אַנדערע האָט ער געהאַלטן בעסער פאַר זיך . . .

שוואַרצע וואָלקן ציען זיך אין דרויסן איבערן הימל . . . אויף אַ רגע שניידט זיי דורך אַ בליץ, נאָר ער ווערט פאַר-

לאַשן און נאָך פעסטער ציען זיך, נאָך ענגער שליסן זיך צוזאַמען די דיקע, פינצטערע וואָלקנס.
דער בליץ האָט צום לעצטן מאָל דעם גוסס געוועקט.
— ווער איז דאָ ביי מיר? ווער זיצט מיר צוקאָפּנס? — פרעגן די פארברענטע ליפּן.
— איך, איך, אַ ליכטיקער מלאך, פון זיין ליבן נאָמענס ליכטיקער פמליא... און פון זיין ליבן נאָמען נאָך דיין נשמה געשיקט!... קום מיט מיר!
— וואוהין? — פרעגט דער קראַנקער.
— צום הימל ארויף, אין גן־עדן אריין!
— הימל... גן־עדן... — שטאַמלט נאָך דער גוסס אין היץ. — און ווי אַזוי לעבט זיך דאָרט אין הימל, אין גן־עדן דאָרט?
— גוט... פון גאָטס גענאָד באַשטראַלט, אין גלאַנץ פון כסא הכבוד... מיט גאָלדענע קרוינען אויף די קעפּ...
— גלאַנץ... גאָלד... קרוינען... — שטאַמלט דער גוסס נאָך: וואָס וועל איך דאָרט טאָן?
— וועסט נישט דאַרפן טאָן... דאָרט איז אייביק רו, אייביק ליכטיקער נחת, אָן אויפהער שטראַלנדיק גליק... קום!
— אָבער וואָס וועל איך דאָרט טאָן? — דרייט זיך מיטן לעצטן כוח דער גוסס אוים צום מלאך: איז דאָרט דאָ וועמען צו העלפן, געפאלענע אויפצוהויבן, קראַנקע צו היילן, הונגעריקע צו זעטיקן, דאַרשטיקע די ליפּן צו נעצן, פאַרלוירענע צו זוכן און געפינען? דאָס איז דאָך מיין גליק געוועזן!...
— ניין, דאָס נישט! — ענטפערט מיט אַ נישט זיכער קול דער מלאך: דאָס איז דאָרט נישט פאַראַן, דאָרט וועט קיינער נישט דאַרפן דיין הילף...

— און וואָס וועל איך דאָרט טאָן, מלאך? דאָרט וואו קיינער ברויכט מיין נשמה נישט, מיין הארץ נישט; נישט מיין רחמנותדיקע טרער אין אויג, נישט מיין וואָרט צו טרייסטן פון מויל, און נישט מיין האנט, אויפגעהויבן צו ווערן פון גרוב?

דער שלעכטער מלאך הערט און שטעקט ארויס די צונג און באלעקט זיך... א חוזק־שמייכל לייגט זיך אים איבערן מויל פון אויער צו אויער... ער עפנט דאָס מויל און צוויי ווייסע ציין בליצן אויף אין דער פינצטערער שטוב...

און צערודערט זיצט דער ליכטיקער מלאך און ווייס נישט וואָס צו ענטפערן דעם גוסס...

— וואָס פאָרט, מלאך! וואָס פאָרט?

און דער גוטער מלאך דרייט זיך אוים צום פענצטער און קוקט ארוים צום הימל און וואַרט פון דאָרט אַן עצה און א ראט... נאָר פארשלאָסן איז דער הימל; אַן א וואָרט, אַן א שטראַל, אַן א פונק... און עס יאָגן אַן אַלץ נייע און נייע, אַלץ שווערערע און שווערערע וואָלקנס — א שאָטן פאַלט איבערן ליכטיקן מלאכס פּנים, דער הימל זעט אוים האַרט און בייז, אָן רחמנות זעט ער אוים, ער האָט אים נאָך קיינמאָל אזוי נישט געזען... ער בלייבט פאַרציטערט.

מיט דער ווייַלע באנוצט זיך דער שלעכטער מלאך און גענעענט זיך צום בעט פון דער צווייטער זייט.

— קום בעסער מיט מיר, — רוימט ער איין דעם גוסס.

— וואוהין?

— דאָרט, וואו דיין הארץ גלוסט... צו די אומגליק־לעכע, הונגעריקע, לעפצנדיק־דאָרשטיקע... צו די פאַר־חלשטע און פארמאַטערטע, צו די פארלוירענע, פאַרשאָל־

טענע, צו די פון גאָט פארגעסענע . . . העלפן וועסטו נישט קענען, אבער צוזאמען ליידן, מיטפילן . . .

— איך גיי! איך גיי! — רופט דער קראַנקער אויס מיט קראַפט.

און דער ווייסער מלאך איז אוועק מיט ליידיקע הענט.

# דריי מתנות:

## א.
## אויבן ביי דער וואָג.

אַמאָל, מיט יאָרן און דורות צוריק, איז ערגעץ נפטר געוואָרן אַ ייד.

מילא, אַ ייד איז נפטר געוואָרן — אייביק לעבן קען מען נישט — טוט מען אים זיין רעכט . . . ברייענגט מען אים צו קבורת ישראל . . .

נאָך סתימת הגולל, דער יתום זאָגט קדיש — פליט די נשמה ארויף, צום משפט, צום בית-דין של מעלה . . .

קומט זי אַרויף, הענגט שוין דאָרט פאַרן בית-דין די וואָג, אויף וועלכער מען וועגט די עבירות און די מצוות . . .

קומט דעם בר-מנגם סניגור, זיין געוועזענער יצר טוב און שטעלט זיך מיט א קלאָר ווייס זעקל ווי שניי אין דער האַנט, ביי דער וואָגשאָל פון דער רעכטער זייט . . .

קומט דעם בר-מנגם קטיגור, זיין געוועזענער יצר הרע, דער געוועזענער מסית ומדיח — און שטעלט זיך, מיט אַ קויטיק זעקל אין האנט, ביי דער וואָג-שאָל אויף דער לינקער זייט . . .

אין ווייסן קלאָרן זעקל זיינען מצוות, אין ברודיק שוואַרצן זעקל — עבירות. שיט דער סניגור, פון שניי־ווייסן זעקל אויף דער וואָג־שאָל פון דער רעכטער זייט, מצוות — שמעקן זיי ווי פאַרפומעס און לויכטן ווי די שטערנדלעך אין הימל.

שיט דער קטיגור פון ברודיקן זעקל ארויס, אויף דער וואָג־שאָל פון דער לינקער האַנט, עבירות — זיינען זיי, נישט פאַר אייך געדאַכט, שוואַרץ ווי קויל און אַ ריח האָבן זיי — סאַמע־ראָדנע פעך און סמאָלע.

שטייט אַזוי די אָרעמע נשמה און קוקט, און גאַפט — זי האָט זיך גאָרנישט געריכט, עס זאָל זיין אַזאַ חילוק צווישן „גוט" און „שלעכט"; דאָרט האָט זי גאַנץ אָפט ביידע נישט דערקענט, איינס פאַר דאָס אַנדערע גענומען.

און די וואָג־שאָלן הויבן זיך פאַמעלעך, ארויף און אַראָפּ, אמאָל די, אַמאָל יענע . . . און דאָס צינגל ביי דער וואָג־שאָל אין דער הויך ציטערט, נעמט זיך אויף אַ האָר לינקס, אויף א האָר רעכטס . . .

נאָר אויף אַ האָר . . . און נישט מיט אמאָל! אַ פּראָס־טער ייד געווען, אַן גרויסן „להכעים", ווי אויך אַן „קדוש השם" . . . אַזוי — קליינע מצווהלעך, קליינע עבירהלעך, שרעטעלעך, שטויבעלעך . . . טיילמאָל — קוים מיטן אויג צו דערזען.

און פונדעסטוועגן, אַז דאָס צינגל רוקט זיך אויף אַ האָר רעכטס, הערט זיך אין די עולמות העליונים אַ קלאַנג פון שמחה, פון נחת; רוקט זיך עס אָבער, חס ושלום, לינקס, שלאָגט זיך ארויס אַ זיפץ פון עצבות, ביז עס דער־גרייכט צום כסא הכבוד.

און די מלאכים שיטן פאַמעלעך, מיט כוונה. אַ שרויט

נאָך אַ שריט, אַ שטויב נאָך אַ שטויב, ווי פשוטע באַלע־באַטים ליציטירן „אתה הראית", אַ פּרוטה נאָך אַ פּרוטה...

נאָר א ברונעם שעפּט זיך אויך אויס, די זעקלעך ווערן ליידיק.

— שוין? — פרעגט דער בית־דין־שמש — אויך אַ מלאך צווישן אַלע מלאכים.

דער יצר טוב, ווי דער יצר הרע, דרייען אויס די זעקלעך קאַפּויר: נישטאָ מער! און דעמאָלט גייט דער שמש צו צום צינגל זען, ווי עס האָט זיך אָפּגעשטעלט: רעכטס צי לינקס.

קוקט ער און קוקט אַזוי, און זעט אַזוינס, וואָס עס איז נאָך נישט געשען, זינט הימל און ערד זיינען באַשאַפן געוואָרן . . .

— וואָס דויערט אַזוי לאַנג? — פרעגט דער אב־בית־דין.

שטאַמלט דער שמש:

— גלייך! דאָס צינגל שטייט אין סאַמע־ראָדנע מיט! . . .

די עבירות האָבן גלייך געוואויגן מיט די מצוות.

— אַקוראַט? — פרעגט מען נאָך אַמאָל פון בית־דין של מעלהם טיש.

קוקט ער נאָך אַמאָל דער שמש און ענטפערט:

— אויף דער האָר!

האָט דאָס בית־דין של מעלה אַ ישוב און גיט, נאָכן ישוב הדעת, אַרויס אַ פסק כהאי לישנא:

„היות די חטאים ווענן נישט איבער די מעשים טובים — קומט דער נשמה קיין גיהנום נישט . . .

„און פון צווייטן צד — ווענן די מצוות נישט מער

פאַר די עבירות, — קען מען איר נישט עפענען די טויערן פון גן-עדן.

„על כן נע-ונד זאָל זי זיין...

„זאָל זי ארומפליען אין דער מיט, צווישן הימל און ערד — ביז גאָט וועט זיך אָן איר דערמאָנען און דערבאַרעמען זיך און צורופן צו זיך מיט זיין גנאָד".

און דער שמש נעמט די נשמה און פירט זי אַרויס.

יאָמערט נעבעך די נשמה און קלאָגט אויף איר מזל.

— וואָס וויינסטו אזוי? — פרעגט ער זי — וועסט נישט האָבן קיין נחת און פרייד פון גן-עדן, וועסט דו דאָך אָבער אויך נישט האָבן קיין צער און יסורים פון גיהנום, — קוויט!

די נשמה אָבער לאָזט זיך נישט טרייסטן:

— בעסער די גרעסטע יסורים, זאָגט זי, איידער גאָרנישט! גאָרנישט איז שרעקלעך!

קריגט ער אויף איר, דער בית-דין-שמש, רחמנות, גיט ער איר אַן עצה:

„פלי, זאָגט ער איר, נשמהלע, אַראָפּ און האַלט זיך נידעריק אַרום דער לעבעדיקער וועלט...

„אין הימל אַריין, זאָגט ער, קוק נישט... וואָרעם וואָס וועסטו זען אין יענער זייט הימל? נייערט שטערנדלעך! און דאָס זיינען ליכטיקע נאָר קאַלטע ברואים, זיי ווייסן פון קיין רחמנות נישט, זיי וועלן זיך נישט מיען פאַר דיר, זיי וועלן גאָט אָן דיר נישט דערמאָנען...

„מיען זיך פאַר אַן אָרעמער פארוואָגלטער נשמה קענען נאָר די צדיקים פון גן-עדן... און זיי, הער, נשמהלע, — זיי האָבן ליב מתנות... שיינע מתנות... עס איז שוין — גיט ער צו ביטערלעך — די טבע פון היינטיקע צדיקים!

„פלי זשע, נשמהלע — זאָגט ער ווייטער — נידעריק אַרום דער לעבעדיקער וועלט און קוק זיך צו ווי עס לעבט זיך, וואָס עס טוט זיך. און דערזועסט דו עפּעס אַזוינס, וואָס איז אויסטערליש שיין און גוט, כאַפּ עס און פלי דערמיט אַרויף; עס וועט זיין א מתנה פאר די צדיקים אין גן־עדן... און מיט דער מתנה אין דער האנט זאָלסטו אָנקלאַפּן און מעלדן זיך אין מיין נאָמען ביים מלאך פון דער פּאַרטקע. זאָג: איך האָב געהייסן!...

„און אַז דו וועסט האָבן געבראַכט דריי מתנות, זיי זיכער — וועלן זיך פאר דיר עפענען די טויערן פון גן־עדן, זיי וועלן פועלן ... ביים כסא הכבוד האָט מען ליב נישט די פיין־געבוירענע, נאָר די אויפגעקומענע״ ...

און אַזוי ריידנדיק, שטופּט ער זי מיט רחמנות פון הימל ארויס.

## ב.

## די ערשטע מתנה.

פליט עס אַזוי, דאָס אָרעמע נשמהלע, נידעריק איבער דער לעבעדיקער וועלט, און זוכט מתנות פאר די צדיקים אין גן־עדן. און עס פליט אַרום און אַרום, איבער דערפער און שטעט, וואו נאָר א שטיקל ישוב, — צווישן ברענענדיקע שטראַלן אין די גרעסטע היצן; אין רעגן־צייט — צווישן טראָפּן און וואסער־נאָדלען; סוף זומער — צווישן זילבערנעם שפּינוועבס, וואָס הענגט אין דער לופט, ווינטער — צווישן די שנייעלעך, וואָס פאלן פון דער הויך... און קוקט און קוקט, און קוקט זיך די אויגן אויס...

וואו זי דערזעט אַ ייד, פליט זי האַסטיק צו און קוקט אים אין די אויגן אריין — צי גייט ער נישט מקדש השם זיין?

וואו עס לייכט זיך ביי נאַכט דורך אַ שפּאַלט פון אַ לאַדן, — זי איז דאָ און קוקט אַריין, צי וואַקסן נישט אין דער שטילער שטוב גאָטס שמעקנדיקע בלימעלעך — באַהאַלטענע מעשׂים טובים?

לײַדער! . . . מערסטנטיילס שפּרינגט זי אָפּ פון אויגן און פענצטער, דערשראָקן און פאַרציטערט . . .

און אַז עס גייען ווייטער פאַרביי זמנים און יאָרן, פאַלט זי כמעט אין אַ מרה־שחורה אַריין. פון שטעט זיינען שוין בית־עלמינס געוואָרן. בית־עלמינס האָט מען שוין אויף פעלדער צעאַקערט; וועלדער האָט מען אויסגעהאַקט, פון שטיינער ביי וואַסערן איז זאַמד געוואָרן, טייכן האָבן דאָס געלעגער געביטן, טויזנטער שטערן זיינען אַראָפּגעפאַלן, מיליאָנען נשמהלעך זיינען אַרויפגעפלויגן,— און זיין ליבער נאָמען האָט זיך אָן איר נישט דערמאָנט, און קיין אויסטערליש גוטס און שיינס האָט זי נישט געפונען . . .

טראַכט זי ביי זיך:

„די וועלט איז אַזוי אָרעם, די מענטשן — אַזוי מיטלמעסיק און גרוי אויף דער נשמה, און די מעשׂים זייערע זיינען אַזוי קליין . . . ווי קומט צו זיי „אויסטערליש"? אויף אייביק בין איך נע־ונד און פאַרשטויסן!" . . .

נאָר ווי זי טראַכט אַזוי, שלאָגט איר אַ רויטע פלאַם אין די אויגן אַריין, אינמיטן דער פינצטערער, שווערער נאַכט אַ רויטע פלאַם.

זי קוקט זיך אום — פון אַ הויך פענצטער שלאָגט די פלאַם . . .

גזלנים זיינען אַ גביר באַפאַלן, גזלנים מיט מאַסקען אויף די פּנימער. איינער האַלט אַ ברענענדיקן שטורקאַץ אין דער האַנט און לייכט; אַ צווייטער שטייט ביים גבירס

ברוסט מיט א בליצנדיק מעסער און חזרט אים אַלץ אין איינעם איבער: „רירסטו דיך, ייד, איז דיין סוף! גייט דיר די שפּיץ פון מעסער פון יענער זייט רוקן אַרויס!"... און די רעשט עפּנט קאַסטנס און שרענק און רויבט.

און דער ייד שטייט ביים מעסער און קוקט געלאַסן צו... קיין ברעם איבער זיינע קלאָרע אויגן, קיין האָר פון דער ווייסער באָרד ביז צו די לענדן — רירט זיך נישט... נישט זיין זאַך... „גאָט האָט געגעבן, גאָט האָט גענומען, — טראַכט ער — געלויבט איז זיין הייליקער נאָמען!" „מיט דעם ווערט מען נישט געבוירן און דאָס גיט מען נישט מיט אין קבר אריין". — שעפּטשען זיינע בלאַסע ליפּן.

און ער קוקט גאַנץ רואיק צו, ווי מען עפּנט די לעצטע שופלאָד פון דער לעצטער קאָמאָדע און ווי מען שלעפּט אַרויס זעקלעך מיט גאָלד און זילבער, זעקלעך מיט צירונג און אַלערליי טייערע כלים, — און ער שווייגט...

און אפשר איז ער זיי גאָר מפקיר!

נאָר פּלוצלונג, אז די גזלנים טרעפן צום לעצטן באַהעלטעניש און ציען אַרויס אַ קליין זעקעלע, דאָס לעצטע, דאָס באַהאַלטנסטע, — פאַרגעסט ער זיך, ציטערט ער אויף, צעפלאַמען זיך אים די אויגן, ציט ער אויס צום ווערן די רעכטע האנט, וויל ער אַ געשריי טאָן:

„רירט נישט!"

נאָר אויפן אָרט פון א געשריי שפּריצט אַרויס אַ רויטער שטראַל פון רויכערדיקן בלוט — דאָס מעסער האָט זיינס געטאָן... עס איז דאָס בלוט פון הארץ און שפּריצט אויפן זעקל אַרויף!

ער פאַלט און געשווינד רייסן די גזלנים אויף דאָס זעקל — דאָ וועט זיין דאָס בעסטע, דאָס טייערסטע!

זיי האָבן אָבער אַ ביטערן טעות געהאַט; אומזיסט בלוט פאַרגאָסן — נישט קיין זילבער, נישט קיין גאָלד און נישט קיין צירונג איז אין זעקל געווען; גאָרנישט פון דעם וואָס איז טייער און האָט אַ ווערט אויף דער דאָזיקער וועלט! עס איז געווען אביסל ערד, ארץ־ישראל־ערד אין קבר אריין, און דאָס האָט דער גביר געוואָלט ראַטעווען פון פרעמדע הענט און אויגן און מיט זיין בלוט באַשפּריצט...

כאַפּט די נשמה אַ פאַרבלוטיקטן שטויב פון ארץ־ישראל־ערד און מעלדעט זיך דערמיט ביי דער פאָרטקע אין הימל...

די ערשטע מתנה איז אָנגענומען געוואָרן.

## ג.
## די צווייטע מתנה.

— געדענק, — האָט דער מלאך צוגערופן, פאַרמאַכנדיק הינטער איר די פאָרטקע פון הימל — נאָך צוויי מתנות!

— גאָט וועט העלפן! — האָפּט די נשמה און פליט פרייליך צוריק אַראָפּ.

די פרייד האָט מיט דער צייט אָבער אויפגעהערט. עס גייען ווייטער אַוועק יאָרן און יאָרן, און זי זעט נישט קיין אויסטערליש שיינס... און עס באַפאַלן זי צוריק די טרויעריקע געדאנקען:

„ווי אַ לעבעדיקער קוואַל האָט די וועלט ארויסגעשלאָגן פון גאָטס ווילן און רינט און רינט ווייטער אין דער צייט, און וואָס ווייטער זי רינט, מער ערד און שטויב נעמט זי אין זיך אריין; טריבער, אומריינער ווערט זי;

ווייניקער מתנות געפינט מען אויף איר פאַרן הימל... קלענער ווערן די מענטשן, דראַבנער — די מצוות, שטוי־ביקער — די עבירות; מעשים — נישט מיטן אויג צו דערזען!...

„ווען גאָט — טראַכט זי ווייטער — זאָל הייסן איבער־וועגן מיט אמאָל די מצוות מיט די עבירות פון דער גאַנ־צער וועלט, וואָלט זיך אויך דאָס צינגל קוים גערירט, קוים־קוים געציטערט...

„די וועלט קען אויך נישט אַראָפּ און נישט אַרויף... זי איז אויך נע־ונד צווישן ליכטיקן הימל און פינצטערן שאול תחתיה... און דער קטיגור מיטן סניגור וואָלטן זיך דעריבער אייביק געראַנגלט, ווי עס ראַנגלט זיך דאָ אייביק ליכט מיט פינצטערניש, וואַרעמקייט מיט קעלט, לעבן מיט טויט...

„זי וויגט זיך די וועלט, און קען נישט — נישט אַרויף, נישט אַראָפּ, און עס וועלן דעריבער אייביק זיין חתונות און גטן, בריתן און לויות, סעודות־מצוה און סעודות־הבראה... און ליבשאַפט און האַס... אייביק, אייביק"...

פלוצלונג וועקן זיך קולות פון טראָמפּייטן און הער־נער...

זי קוקט אַראָפּ — אַ דייטשע שטאָט (פאַרשטייט זיך, אַ פּאַרציייטישע), אַלערליי, אויסגעבויגענע דעכער רינגלען אַרום דעם פּלאַץ פאַרן מאַגיסטראַט, און פול מיט פאַר־שיידן־פאַרביק־געקליידעטע מענטשן איז דער פּלאַץ; פול קעפּ אין די פענצטער; מענטשן ליגן אויף די דעכער אַרום, טייל זיצן רייטנדיק אויף די באַלקען, וואָס שטאַרן אַרויס ביי די ווענט אונטער די דעכער, פול געפּראָפּט זיינען די באַלקאָנען...

פאַרן מאַגיסטראַט שטייט אַ טיש, געדעקט מיט אַ

גרין טוך מיט גאָלדענע פראַנזן און טראַלדן. ביים טיש זיצן די הערן פון מאַגיסטראַט, אין סאַמעטענע קליידער אויף גאָלדענע האָקלען, אין סויבעלנע היטלען מיט ווייסע פעדערן אויף בריליאַנטענע קנעפּ; אויבן־אָן זיצט דער פּרעזידענט אליין. אַ פרעסיקער אָדלער ווייעט אים איבערן קאָפּ . . .

אָן אַ זייט שטייט געבונדן אַ יידיש מיידל, נישט ווייט האַלטן צען קנעכט אַ ווילד פערד, און דער פּרעזידענט הויבט זיך אויף און לייענט פאַרן יידישן מיידל אַ פּסק פון אַ פּאַפּיר, און ער ווענדט זיך מיטן פּנים צום מאַרק:

„אָט די יידין דאָ, די יידישע טאָכטער, האָט אַ שווערע זינד באַגאַנגען; אַ שווערע זינד, וואָס גאָט אַליין, ווי גרויס זיין באַרמהערציקייט זאָל נישט זיין, וואָלט איר נישט געקענט מוחל זיין . . .

„זי האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ און איז אַרומגעגאַנגען, אין אונדזער הייליקן לעצטן יום־טוב, אויף אונדזערע ריינע גאַסן . . .

„און זי האָט באַפלעקט מיט אירע אומפאַרשעמטע אויגן אונדזער הייליקע פּראָצעסיע; אונדזערע הייליקע בילדער, וואָס מיר האָבן מיט לויב־געזאַנג און קעסל־פּויקן איבער די גאַסן געטראָגן . . .

„מיט אירע פאַרשאָלטענע אויערן האָט זי איינגעזאַפּט דאָס געזאַנג פון אונדזערע ווייס־געקליידעטע, אומשולדיקע קינדער און דאָס קלאַפּן פון די הייליקע פּויקן . . . און ווער ווייסט צי האָט דער טייוול, דער אומריינער טייוול, וואָס האָט אויף זיך גענומען די געשטאַלט פון דער יידישער טאָכטער, פון פאַרשאָלטענעם רבס טאָכטער, זיך נישט צוגערירט און נישט באַפלעקט אונדזער אַ ריי־ניקייט?

„וואָס האָט ער געוואָלט, דער טייוול אין דער שיינער געשטאַלט? וואָרעם לייקענען קען איך נישט — שיין איז זי, שיין, ווי נאָר אַ טייוול קען זיך מאַכן, — זעט די חוצפּה־שטראַלנדיקע אויגן פון אונטער די צנועהדיק אַראָפּגע־לאָזטע זיידענע ברעמען . . . זעט דאָס אַלבאַסטער פּנים, וואָס איז אין דער לאַנגער תפיסה נאָר בלאַסער, אָבער נישט טונקעלער געוואָרן! . . . זעט אירע פינגער, אירע שמאָלע, לאַנגע פינגער פון די הענט; די זון לויכט דורך זיי אַדורך! . . .

„און וואָס האָט ער געוואָלט דער טייוול? אָפּרייסן אַ נשמה פון דבקות אין דער פּראָצעסיע... און עס איז אים געראָטן:

— זעט דאָס שיינע מיידל! — האָט אויסגערופן אונ־דזוערער אַ ריטער פון איינער פון אונדזערע שענסטע משפחות . . .

„און דאָס איז שוין געווען איבער דער מאָס — די האַלעבאַרדניקעס האָבן זי באַמערקט און געכאַפּט — ער האָט זיך אַפילו ניט געוועדט, דער טייוול — וואָרעם, ווי אַזוי? ריין זיינען זיי דעמאָלט געווען. אָפּגערייניקט פון אַלע זינד, האָט ער אויף זיי קיין שליטה נישט געהאַט...

„און דאָס איז דעם טייוולס, אין געשטאַלט פון דעם יידיש מיידל, פּסק:

„צובינדן זאָל מען זי ביי די האָר, ביי די לאַנגע טייוו־לאָנישע צעפּ, צום ווידל פון אַ דעם ווילדן פערד...

„זאָל עס לויפן און שלעפּן זי ווי „אַ הורג" איבער די גאַסן, וואָס אירע פיס האָבן געטראָטן קעגן אונדזער הייליקן געזעץ . . .

„זאָל איר בלוט באַשפּריצן און אָפּוואַשן די שטיינער, וואָס זי האָט פאַראומריינִיקט מיט אירע פיס!"

אַ ווילד פרייד-געשריי האָט זיך אויסגעריסן פון אַלע מיילער אַרום, און אַז די פּאַליע פון די ווילדע געשרייען איז אַריבער, פרעגט מען די פּאַרמשפּטע צום טויט, אויב זי האָט זיך נישט עפּעס וואָס צום לעצטן מאָל צו ווינטשן.

— איך האָב, — ענטפערט זי געלאַסן, — עטלעכע שפּילקעס בעט איך!

— זי איז דול פאַר שרעק! — מיינען די הערן פון מאַגיסטראַט.

— ניין! — ענטפערט זי רואיק און קאַלט — דאָס איז מיין לעצטער ווילן און פאַרלאַנג.

מען האָט עס איר צוליב געטאָן . . .

— און אַצינד, — קאָמאַנדירט דער פּרעזידענט, — בינדט צו!

עס גייען צו האָלעבאַרדניקעס און בינדן צו מיט ציטערדיקע הענט דעם רבס טאָכטערס שוואַרצע לאַנגע צעפּ צום ווײַדל פון ווילדן פערד, וואָס מען קען שוין קוים דערהאַלטן . . .

— מאַכט אַ וואַרע! — קאָמאַנדירט ווייטער דער פּרעזידענט צום עולם אויפן פּלאַץ, און עס ווערט אַ גערודער. דער עולם שטעלט זיך און דרינגט זיך צו צו די ווענט פון די הייזער, און אַלע הויבן אויף די הענט, ווער מיט אַ בייטש, ווער מיט אַ שפּיץ-רוט, ווער מיט אַ טוך אין דער האַנט, און אַלע זיינען גרייט צו יאָגן דאָס ווילדע פערד. יעדערנס אָטעם איז געשטיקט, אַלע פּנימער פלאַמען, אַלע אויגן בליצן, און אין גערודער באַמערקט נישט קיינער, ווי די פּאַרמשפּטע בויגט זיך שטיל אַראָפּ און שפּילעט זיך צו די זוים פונעם קלייד צו די פיס און שטעקט טיף, טיף אַריין די שפּילקעס זיך אין לייב — עס זאָל איר

לייב נישט אנטפלעקט ווערן, ווען דאָס פערד וועט זי שלעפּן אין די גאַסן . . .

באמערקט האָט עס נאָר די נע־ונדניצע — די נשמה . . .

— לאָזט דאָס פערד ! — קאָמאַנדירט דערוויל וויי־טער דער פּרעזידענט, און די קנעכט זיינען דערפון אָפּגע־שפּרונגען, און מיט אמאָל האָט עס זיך אויסגעריסן. און אויסגעריסן האָט זיך אויך א געשריי פון אלע מיילער, און עס ווייען און פייפן אין דער לופט אלע בייטשן, שפּיץ־רוטן און טיכער. און ווילד דערשראָקן יאָגט דאָס פערד איבערן מאַרק, איבער גאַסן און הינטער־גאַסן אַרוים, אַרוים פון שטאָט . . .

און די נשמה, די נע־ונדניצע, האָט שוין אַרויסגעצויגן אַ פאַרבלוטיקטע שפּילקע פון דער פאַרמשפּטערס פּוס און פליט שוין מיט איר צום הימל אַרויף !

— נאָך איין מתנה אינגאַנצן ! — טרייסט זי דער מלאך ביי דער פאַרטקע.

## ד.

## די דריטע מתנה.

און צוריק פליט אַראָפּ די נשמה, אינגאַנצן נאָך איין מתנה דאַרף זי.

און עס גייען ווייטער אַוועק זמנים און יאָרן, און עס באַפאַלט זי ווייטער אַ מרה שחורה. די וועלט, דאַכט זיך איר, איז נאָך קלענער געוואָרן . . . נאָך קלענערע מענטשן, נאָך קלענערע מעשים . . . די גוטע ווי די שלעכטע . . .

איינמאָל טראַכט זי :

„ווען גאָט, געלויבט זאָל זיין זיין נאָמען, זאָל וועלן אַמאָל אָפּשטעלן און סוף כל סוף משפּטן די וועלט, אַזוי

ווי עס איז, מיט אַמאָל . . . און פון איין זייט זאָל זיך שטעלן אַ סניגור און שיטן פון ווייסן זאַק אַרויס שרעטעלעך און שטויבעלעך; און פון דער צווייטער זייט — דער קטיגור זאָל שיטן זיינע פּיצלעך און ברעקלעך, וואָלט געדויערט און געדויערט איידער די זעק וואָלטן ליידיק געוואָרן... אַזוי פיל קליינִיקייטן, אַזוי פיל!

„אָבער, אז די זעקלעך וואָלטן שוין ליידיק געוואָרן, וואָס וואָלט געווען?

„דאָס צינגל וואָלט געוויס געבליבן שטיין אין דער מיט!

„ביי אַזוינע קליינִיקייטן, ביי אַזוי פיל קליינִיקייטן קען גאָרנישט איבערוועגן . . . וואָרעם וואָס? נאָך אַ פּעדערל, נאָך אַ שטרויעלע, נאָך אַ פּלעווע, נאָך אַ שטויב! . . .

„און וואָס וואָלט גאָט געטאָן? וואָס וואָלט ער גע־פּסקעט?

„צוריק צו תהו ובהו? נישט: די עבירות וועגן נישט איבער די מצוות . . .

„אויסלייזן? אויך נישט: די מצוות וועגן נישט איבער די עבירות . . .

„וואָס דען?

„גיי ווייטער! וואָלט ער געזאָגט . . . פלי ווייטער צווישן גיהנום און גן־עדן, ליבשאַפט און האַס, רחמנות־דיקע טרערן און רויבערדיק בלוט... צווישן וויגן און קברים . . . ווייטער, ווייטער!"

דער נשמה איז אָבער באַשערט געווען אויסגעלייזט צו ווערן, פון די שווערע מחשבות — וועקט זי אַ קול פון פויקן . . .

וואו איז זי, ווען?

זי דערקענט נישט דעם אָרט, נישט די צייט . . .

נאָר אַ פּלאַץ פּאַר אַ תּפיסה זעט זי . . . אָן די איי־זערנע גראַטעס אין די קליינע פענצטערלעך ציען זיך שפּי־לענדיק די שטראַלן פון דער זון . . . זיי גליטשן זיך אויך אָן די שטיקן פון צוזאַמענגעשטעלטן געווער ביי דער וואַנט. די סאָלדאַטן האָבן אין האַנט אַריין — ריטער באַקומען . . .

אין צוויי לאַנגע שורות, מיט אַ שמאָלן דורכגאַנג אין דערמיט, האָט מען זיי אויסגעשטעלט: „דורך אַ סטראָי" וועט מען טרייבן . . .

וועמען?

עפּעס אַ יידל מיט אַ צעריסן העמד אויפן מאָגערן לייב, מיט אַ יאַרמעלקע אויפן האַלב־געגאָלטן קאָפּ. אָט, פירט מען אים צו.

פאַרוואָס קומט עס אים? וועד ווייסט, אַ פּאַרצייטישע זאַך! אפשר פּאַר אַ גנבה, אפשר פּאַר אַ גזלה, צי אַ רציחה, און אפשר אַ בלבול . . . עס איז דאָך געווען פאַר־צייטן . .

און די זעלנער שמייכלען און טראַכטן: נאָך וואָס האָט מען אונדז אַזוי פיל גענומען און אויסגעשטעלט? ער וועט נישט אויסהאַלטן די העלפט!

נאָר אָט שטופּט מען אים צווישן די שורות אַריין, אָט גייט ער . . . און ער גייט גלייך און שטרויכלט נישט און פאַלט נישט . . . ער לייזט שמיץ און האַלט זיי אויס . . .

אַ גרימצאָרן כאַפּט אָן דעמאָלט די סאָלדאַטן! ער גייט נאָך, ער גייט!

און די ריטער פייפן אין דער לופט ווי די רוחות און כאַפּן אַרום דאָס לייב ווי די שלאַנגען. און דאָס בלוט פון מאָגערן גוף שפּריצט און שפּריצט, און הערט נישט אויף צו שפּריצן!

הו—הא! הו—הא!

אין מיטן טרעפט א סאָלדאט צו הויך און וואַרפט דעם פאַרמשפּטן אַראָפּ די יאַרמעלקע פון קאָפּ. נאָך עטלעכע טריט באַמערקט ער עס, דער פאַרמשפּטער... ער גיט זיך אַ ריר, גלייך ער האָט א ישוב, און איז זיך מישב, און דרייט זיך אום: ער וועט נישט גיין בגלוי הראש, און ער גייט צוריק ביז צום אָרט, וואו די יאַרמעלקע ליגט. ער בויגט זיך איין און הויבט זי אויף, און דרייט זיך צוריק אוים און גייט ווייטער, רואיק, רויט פאַרבלוטיקט, נאָר מיט דער יאַרמעלקע אויפן קאָפּ. אזוי גייט ער, ביז ער פאַלט...

און אַז ער איז געפאַלן, איז צוגעפלויגן די נשמה און געכאַפּט די יאַרמעלקע, וואָס האָט אַזוי פיל אומזיסטע שמיץ געקאָסט, און איז ארויף מיט איר צו דער פאָרטקע פון הימל.

און די דריטע מתנה איז אויך אָנגענומען געוואָרן!

און די צדיקים האָבן זיך פאַר אים געמיט: די טויערן פון גן־עדן האָבן זיך איר נאָך די דריי מתנות געעפנט!

און דער „אורים ותומים" האָט געזאָגט:

— אמת שיינע מתנות, אויסטערליש שיינע... צוניץ קומען זיי נישט, גאַרנישט לתשמיש, אָבער לנוי — אויס־טערליש.

## דריי קיכלעך:

בימי המלך שלמה — אין די צייטן פון מלך שלמה האָט געלעבט אַן אלמנה, אַן אָרעמע, מיטן נאָמען שונמית.

און געלעבט האָט די אלמנה שונמית אין א סוכה פון אַלטע ברעטער, באַדעקט מיט א סכך פון צווייגן און בלע־טער פון פאלמען־בוימער, אין א פישער־דאָרף, ביים ברעג פון ים הגדול.

און געשפייזט האָט זיך די אלמנה מיגיע כפיה — מיט שטריקן און פאררייכטן די נעצן פאר די פישער אין פישער־דאָרף.

ויהי היום — איז געקומען די צייט פון ווינטן און שטורם־ווינטן. קיין שיפל גייט נישט אין ים אריין, קיין נעץ ווערט נישט פארשפרייט, איז די אלמנה געבליבן אָן אַ ביסן ברויט.

וועט זי דאָך נישט גיין אין די אָרעמע פישער־הייזלעך אַריין בעטן ברויט; עס פעלט אומעטום, וועגדט זי זיך ווייטער פון דאָרף.

עטלעכע מייל פון דאָרף, אין אַ גרויסן הויז מיט אַ גרויסן געהויף, האָט געוואוינט אַ רייכער ייד, וואָס איז געבענטשט געוואָרן פון זיין ליבן נאָמען מיט פעלדער פעטע, פרוכטבארע גערטנער און גאַנצע וועלדלעך אייל־בערטן, און מיט הערטן שאָף און רינדער, און מויל־טירן און קעמלען.

הויבט זיך זיך אויף, די אלמנה שונמית איינמאָל אין דער פרי, זעט, אז דער הימל איז אַ בייזער, די לופט — ווינטיק, פארשטייט זי, אז זי מוז שוין אָנקומען צו מתנת

בשר ודם, באדעקט זי זיך מיט אַן אַלטער שאַל, וואָס זי טראָגט בייטאָג און דעקט זיך מיט איר צו ביינאַכט, און לאָזט זיך פון דאָרף ארויס אין וועג אַריין, צום רייכן ייד.

קומט זי קעגן מיטאָג צום געהויף, טרעפט זי דעם רייכן ייד פאַר דער טיר, גייט זי צו, בוקט זיך דריי מאָל, רירט דריי מאָל אָן מיטן שטערן די ערד פאַר זיינע פיס.

פרעגט ער זי:

— וואָס בוקסט דו דיך פאַר מיר, אשה, שטיי אויף און זאָג, ווער דו ביסט און וואָס איז דיין פאַרלאַנג.

זאָגט זי אים: „איך בין די אלמנה שונמית פון פי־שער־דאָרף ביים ברעג ים," און דערציילט אים וועגן איר נויט: שוין לאַנג קיין ביסן ברויט אין מויל נישט געהאַט און בעט אַ לעבל ברויט, „די נשמה צו דערהאַלטן!"

ווייזט ער איר, וואָס אין געהויף טוט זיך.

— זע, אשה, אָט שפּאַנט מען ערשט מיינע קעמלען און מויל־טירן אוים. פון ירושלים קום איך, איך האָב שלמה המלכם פּאַלאַץ געזען! אַ פּאַלאַץ — אַ פאַרבלענדעניש! אַ גאָלדענער קרוין, אויף זיין גאָלדענער שטול איז שלמה געזעסן, אַרומגערינגלט מיט שרים און זקנים, און פאָלק. און ער האָט פאַר זיי תורה און חכמה געזאָגט. פּערל האָבן זיך געשאָטן פון מויל.

און הער, וואָס ער האָט געזאָגט, אשה!

„ושונא מתנות יחיה" — האָט ער געזאָגט.

ווער עס וויל לעבן, נעמט קיין מתנות נישט. ווער עס נעמט אומזיסט, פאַרקירצט זיך זיינע יאָרן, וואָס זיין ליבער נאָמען האָט אים באַשערט. דו ווילסט זינדיקן, אשה, און איך וויל נישט זיין קיין שותף צו דיין זינד. גאָט איז אַ דין

אלמנות, ער וועט עס מיר נישט פֿאַרגעסן, אז איך האָב מיטגעהאָלפֿן צו פֿארקירצן דיינע יאָרן . . .

אומזיסט גיב איך נישט.

— אויב אַזוי — זאָגט די אשה, — גיב נ י ש ט אומזיסט; ב אָ ר ג מיר אַ לעבל ברויט. אָדער ליי מיר אַביסל מעל, וועל איך עס מיר אַהיים טראָגן און אָפּבאַקן, און דאָס לעבן דערהאַלטן, און דאַנקען דיר און בעטן פֿאַר דיין לעבן . . .

— דאָס אויך נישט, אשה! — ענטפֿערט דער עושר געלאַסן: „עבד לוה לאיש מלוה", האָט שלמה המלך געזאָגט. ווער עס לייט, קויפֿט אַ קנעכט. און קנעכט קויף איך מיר פֿ ר ע מ ד ע, נישט מזרע אברהם, יצחק ויעקב... איך וויל אייגן פֿלייש און בלוט, בפֿרט אַן אלמנה פֿאַר קיין קנעכט נישט האָבן . . . איך באָרג דיר נישט, איך ליי דיר נישט . . .

פֿרעגט די אשה:

— זאָל איך פֿאַלן פֿאַר הונגער פֿאַר דיינע פֿיס, דאָס וועט בעסער גאָט געפֿעלן, דעם דין אלמנות?

— דו וועסט, אלמנה שונמית, — ענטפֿערט ער איר נאָך געלאַסענער, — פֿאַר מיינע פֿיס פֿאַר הונגער נישט פֿאַלן . . . העלפֿן וועל איך דיר, ווי גאָט איז מיר ליב! נאָר העלפֿן וועל איך דיר מיט אַן עצה: גיי און זיי זוכה פֿון הפקר!

— וואָס מיינט איר דערמיט? הפקר איז אין מדבר, צום מדבר איז דריי טעג, און וואָס געפֿינט מען דאָרט? גרעזלעך אויסגעטריקנטע? טרייבט איר שפּאָס פֿון אַן אָרעמער אלמנה און פֿאָרכט אייך נישט פֿאַר דעם, וואָס לעבט אייביק און ווענדט פֿון יתומים מיט אלמנות קיין אויג נישט אָפּ?

— איך שפּאָס נישט, אשה! — ענטפערט ער. — גאָטס-פּאַרכטיק בין איך פון געבורט, און נישט צום מדבר נאָך גראָזן שיק איך דיך.

— נייג צו דיין אויער, אשה. און הער! מיין קאַמער איז אַצינד לער. די הונדערט זעק מיטן ווייסן ווייצן-מעל ווי שניי האָב איך, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, קיין ירושלים אָפּגעפירט, צום מלך שלמה אין פּאַלאַץ אַריין. און די ברעטער, וואָס האָבן זיך אונטער די זעק געבויגן, זיינען פריי. אבער ווייס, גאַנץ ווייס זיינען די ברעטער; באַדעקט מיטן שטויב, מיט וועלכן די זעק האָבן געשוויצט. דער שטויב איז הפקר, דער שטויב איז נישט מיין. גיי, על כן, אין קאַמער אַריין, וויש דיר די ברעטער אָפּ, זאַמל דעם שטויב פון ווייסן ווייצן-מעל ווי שניי, נעם אַהיים, לייג אָן אַ פייער, — קלויב שפּענדל אויפן וועג — און באַק דיר דיינע קיכלעך אָפּ, זאָל זיין ליבער נאָמען אַריינשיקן די ברכה אין דיין שטויב פון מעל, און עס, און דערקוויק דיך, און לויב גאָט . . .

---

האָט די אלמנה שונמית געטאָן, ווי דער פרומער און רייכער מאַן האָט איר געראָטן. האָט זי אָפּגעשאַרט און אָפּגערייניקט דעם שטויב פון מעל פון די ברעטער אין רייכן פרומענס קאַמער. אויפן וועג צוריק האָט זי, פון ווינט-פּאַריאָגטע, צווייגלעך געפונען; אַהיים געקומען, שוין נאַכט געווען. האָט זי פון די צווייגלעך פייער גע-מאַכט, דאָס מעל מיט וואַסער געמישט און געקנאָטן, זיינען דריי קליינע ברויטלעך אַרויס, האָט זי די דריי ברויטלעך ביים פייער קוים אָפּגעבאַקן, און גאָט פאַר זיינע חסדים לויבנדיק, וויל זי נעמען דאָס ערשטע ברויטל צום מויל, — עפנט זיך מיט אימפּעט פּלוצלונג פון דרויסן די טיר — אין ביידל פאלט אַריין אַ מענטש מיט אַ געשריי:

— ראַטעווע אַ מענטש פון טויט, שוין דריי טעג און דריי נעכט אין מויל נישט געהאַט . . .

און ער דערציילט אין שרעק און איילעניש:

אַ שרפה איז אויסגעבראָכן אין זיין דאָרף. אין מיטן דער נאַכט, ווען אַלע זיינען געשלאָפן, האָט אויסגעבראָכן די בראַנד. אַ פייער איז פון הימל געפאַלן . . . און דער שטורם האָט דאָס פייער איבערן גאַנצן דאָרף צעיאָגט . . . אַלץ איז פאַרברענט, ער איינער איז פון די פלאַמען פייער און די זיילן רויך מיטן לעבן אַרויס. אַלץ איז געוואָרן אַ רויב פאַר דער בראַנד: מאַן, ווייב און קינד, און שאָף און רינד, און האָב, און גאָב. און דריי טעג און דריי נעכט לויפט ער אַרום, פון פייער געיאָגט, פון שרעק געטראָגן און אָן אַ ביסן ברויט . . .

דערלאַנגט אים די אלמנה דאָס ברויטל פון מויל אַוועק און זאָגט אים:

— גיי אַרויס, איך בין איינע אַליין, און עס . . . און דערהאַלט דיין נשמה . . .

גייט דער אָנגעקומענער אַרויס און פאַרשווינדט אין דער פינצטערניש פון דער צוגעפאַלענער נאַכט.

דאַנקט די אלמנה זיין ליבן נאָמען, וואָס האָט זי מיט ברויט באַשענקט און נאָך אַ מצוה, אַ מענטש ביים לעבן צו דערהאַלטן, באַשערט, און וויל דאָס צווייטע ווייכע ברויטל נעמען צום מויל.

עפנט זיך נאָך אַמאָל מיט אַן אימפּעט די טיר, און אַ צווייטער מאַן פאַלט אין דער אלמנהס ביידל אַריין, מיט דעם זעלבן געשריי:

— ראַטעווע אַ מענטש פון טויט . . .

ער איז א רייכער מאַן געווען, הערטן, שאָף און רינ־דער אין סטעפּ געפאַשעט, אין רייכע געצעלטן מיט ווייב

און קינדער געוואוינט, און יונגען געזונטע ביי שאָף און רינד געהאַלטן . . . פּלוצלונג זיינען בעדואינען, ווי אויף די פליגל פון ווינט, אַנגעפלויגן אויף זייערע פערד, מיט בויגן געשפּאַנטע אין די הענט, פון אַלע זייטן זיי אַרומגע־רינגלט, מיט א האַגל פיילן באַשאָטן, די יונגען מיט ווייב און קינד געטויט, די הערטן אָפּגעפירט, און מיט זיי אין וויטן ברייטן סטעפּ פאַרשוואונדן . . . און אַז דער סטעפּ האָט אויפגעהערט אָפּצוקלינגען זייערע טריט, האָט ער זיך, איינער אַ לעבעדיקער, פון צווישן די טויטע אויפגע־הויבן, און בלאָנדזשעט שוין דריי טעג און דריי נעכט אַרום, אָן אַ ביסן ברויט, איידער ער איז צו איר ביידל גע־קומען —

— דערלאַנג, האָב רחמנות, אַ ביסן צום מויל, אַנישט פאַל איך אַ טויטער צו דיינע פיס . . .

דערלאַנגט איר די אַלמנה שונמית בתשואת חן דאָס צווייטע ברויטל, גאָט לויבנדיק און דאַנקענדיק פאַר דער צווייטער גרויסער מצוה, וואָס ער האָט איר באַשערט. הייסט איר אויך אַרויסגיין עסן פאַר דער טיר, ווייל זי איז איינע אַליין אין ביידל, און ער טוט אַזוי, און פאַר־שווינדט אויך אין דער פינצטערער נאַכט . . .

נעמט זיך די אַלמנה שונמית צום דריטן ברויטל און וויל עס שוין געגענען צום מויל. רייסט זיך פּלוצלונג אויס מיט באַנייטע כחות פון צפון דער ווינט און רייסט איר ביידל איין. צעפאַלן זיך רעכטס און לינקס די ווענט... פליט ערגעץ אוועק דער סכך. און דער ווינט רייסט דער אַלמנה דאָס דריטע ברויטל פון דער האַנט אַרויס און שליי־דערט עס אין ים אַריין . . .

און ערשט דעמאָלט שטילט דער ווינט. שטייט די אַלמנה און טראַכט . . .

דער ווינט האָט זיך געלייגט, שטיל איז דער ים. אי־בער זיין וואַסער, ווי איבער אַ שפּיגל, גלימשן זיך די ערש־טע שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון. באלד וועט זיך אויפכאַפּן דאָס דאָרף, אָפּבינדן מיט פרייד די שיפלעך ביים ברעג, פאַרשפּרייטן נעצן . . . קינד און קייט וועט אַרוים־לויפן באַגלייטן די פישער. און מיט פרייע געשרייען רופן: אוים הונגער, געלויבט זיין ליבער נאָמען! עס וועט זיין ברויט.

אָבער נישט וועגן דעם טראַכט די אלמנה.

אַן אַנדער געדאַנק עגבערט אין איר מוח.

— וואָס האָט גאָט פון איר געוואָלט? וואָס האָט גאָט מיט איר, דער אלמנה, געטאָן? —

— וואָס האָט מיר גאָט געטאָן? — עגבערט איר אין מוח.

איין ברויטל האָט ער איר צוגענומען פאַר אַן אנטלאָ־פענעם פון פייער. רעכט, זאָל זיין געלויבט זיין נאָמען!

דאָס צווייטע פאַר אַ געגרעטעטן פון גזלנים, אויך גע־לויבט זיין ליבער נאָמען. ער האָט געגעבן, ער האָט גע־נומען, פאַר א בילכערן פון איר . . .

אָבער דאָס דריטע ברויטל? אויסצורייסן ביי אַן אלמנה פון מויל און שליידערן אין ים אַריין!

דאָס איז איר אוממעגלעך צו פאַרשטיין . . .

און עס פאַלט איר איין, אז אפשר ווייסט גאָר גאָט נישט דערפון, אז דאָס האָט דער ווינט אַליין, מיט זיין איי־גענעם ווילן, אָן גאָטס וויסן און געגן זיין ווילן געטאָן, זיין ליבן נאָמען, וואָס שפּייזט אלמנות און יתומים, להכעיס!

אַנדערש קען נישט זיין!

און זי וועט עס דעם ווינט, דעם גזלן, נישט שענקען, זי וועט דעם ווינט פאַרקלאָגן . . .

פאַר וועמען?

פאַר דעם מלך שלמה.

פאַר אים וועט זי האָבן אַ דין תורה מיטן ווינט, קיין ירושלים וועט זי גיין!

אָפּגעקלערט, פאַרדעקט זי דאָס פּנים מיט דער צעריסענער שאַל און לאָזט זיך אין וועג אַריין.

פאַרהונגערט איז זי און פאַרשמאַכט, נאָר דער גערעכטער צאָרן טראָגט זי אויפן ווייטן וועג. און זי איז געקומען — קיין ירושלים.

קומט זי, פרעגט זי נאָך, ווייזט מען איר, וואו דער מלך שלמה הויזט. לאָזן די שומרים אַריין; שלמה המלכס טירן זיינען אָפן פאַר אַלע, בפרט פאַר אלמנות. קומט זי אין זאַל אַריין און פאַלט פאַרן מלך שלמה, וואָס זיצט אויף זיין שטול, אויפן פּנים!

— אדוני המלך — זאָגט זי — אַ דין תורה האָב איך.

— מיט וועמען? איך זע, דו קומסט אַליין.

— מיטן ווינט, — ענטפערט די אלמנה, און הויבט צו אים דאָס פּנים אויף, און דערציילט אים איר טענה.

— גוט, — ענטפערט דער מלך שלמה — דיין פּנים איז דיין עדות: עס איז מיד, און אין דיינע אויגן ברענט דער הונגער. וועסט דו דיך צו אַלעם ערשטן דערפרישן. זעץ דיך דערווייל, אשה, אין אַ ווינקעלע, מען וועט דיר דערלאַנגען ברויט און וויין. עס, טרינק און דערהאַלט דיין נשמה, דערנאָך וועסטו הערן דיין פסק.

גייט זי אָפּ אין אַ ווינקעלע. דערלאַנגט מען איר ברויט מיט וויין. עסט זי. קומען דריי פרעמדע מענער אַריין. דריי פרעמדע מענער, מיט זעקלעך אויף די אַקסל. צום מלך שלמה דאַרפן זיי.

— וואָס איז אייער פאַרלאַנג, פרעמדע מענער? און

וואָס טראָגט איר אין די זעקלעך אויף אייער אקסל?
דערציילן די מענער אַזאַ געשיכטע:
ישמעאלים סוחרים זיינען זיי, האנדלען מיט צירונג טייערע און כלים, און בשמים די טייערסטע, און זיינען זאלבעדריט געפאָרן אין א שיפל איבערן ים... ווינטן זיי־נען געווען. אומרואיק איז געווען דער ים, זיינען זיי אבער שטאַרקע און געניטע לייט, שרעקן זיך פאר קיין ווינטן נישט, שווימען זיי וואַל־ארויף, וואַל־אַפּ...
האָט אָבער, איינמאָל פארנאכט, אָנגעהויבן דאָס שיפל צו נעצן... געלעכערט איז ערגעץ געוואָרן דאָס שיפל, און מיט וואָס צו פארשטאָפּן איז נישטאָ. שרייען זיי, אפשר וועט מען דערהערן פון ברעג און קומען צו־הילף. הערט קיינער נישט. דער ווינט כאפט זייערע געשרייען און צע־וואַרפט זיי איבערן ים, די וואַלן כאפּן אויף און אנטלויפן מיט זיי אין דער נאַכט אריין...
און דאָס שיפל נעצט און הויבט אָן זינקען...
שרייען זיי צו גאָט, צו זייער גאָט; ער הערט נישט. רופן זיי צו אַנדערע געטער. צום גאָט פון מואב, צום גאָט פון פלשתים, צו נאָך געטער. קיינער ענטפערט נישט. האָבן זיי זיך דערמאנט, אז עס איז דאָ נאָך א גאָט, אַ גאָט פון ישראל... פרואוון זיי און רופן:
— גאָט פון ישראל, ענטפער אונדז אין דער נויט! און אַ נדר טוען זיי: דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער, וואָס מיר האָבן געלייזט, גיב׳מיר דיר אוועק פאר אונדזערע נפשות, נאָר ראַטעווע אונדז! ראַטעווע, גאָט פון ישראל...
און אין דער רגע האָט זיך דער ווינט אַ וואָרף געטאָן און עפּעס פון ברעג אין שיפל אריין, מיט א געוואלדיקן כח, אריינגעשליידערט, פונקט אין לאָך פון שיפל אַריין, און האָט עס פארשטאָפּט...

און באַלד האָט זיך געלייגט דער ווינט און מיר זיינען בשלום צוגעשוואומען צום ברעג . . .

האָב מיר ביי לייטן זיך נאָכגעפרעגט: וואו הויזט דער יידישער גאָט. מיר ווילן אונדזער נדר מקיים זיין?

האָט מען אונדז אָנגעוויזן ירושלים . . .

זיינען מיר מיט אונדזערע זעקלעך קיין ירושלים געקומען און אין די גאסן די מענטשן אויסגעפרעגט: וואו איז אייער גאָט, מיר ווילן אים זען! האָבן לייט אונדז געענטפערט, אז דעם גאָט פון ישראל זעט מען נישט...

— מיר דאַרפן אים דאנקען, כבוד אָפּגעבן, און אַ מתנה דערלאנגען . . .

האָבן זיי מיט די אַקסלען געדריקט; אַנדערע האָבן אונדז אויסגעלאכט . . .

און עלטערע לייט, וואס מיר האָבן באַגעגנט, זיי זיך פאַרטרויט און אַן עצה געפרעגט: וואָס טוט מען מיט אונדזער נדר, ווען גיט מען, עס זאָל פּאַסן צום יידישן גאָטס ווילן, די זעקלעך מיט זילבער און גאָלד, האָבן זיי קיין באשייד נישט געוואוסט. נאָר איינער פון זיי, דער עלטסטער, האָט אונדז געראַטן, מיר זאָלן זיך ווענדן, גרויסער האַר און מלך, צו דיר, דו ביסט, האָבן זיי געזאָגט, דער קליגסטער אויף דער גאַנצער וועלט, און דו וועסט וויסן אונדז צו ראַטן, ווי אַזוי אונדזער נדר מקיים צו זיין, צו טאָן מיטן גאָלד און זילבער לויט דעם ווילן פון גאָט פון ישראל.

האָבן זיי געענדיקט און געבוקט זיך, און דער מלך שלמה פרעגט:

— האָט איר, פרעמדע לייט, באטראכט, וואָס דער ווינט האָט אייך פון ברעג אין שיפל אַריינגעשליידערט,

מיט וואָס ער האָט דאָס לעכל פארשטאָפּט, איר זאָלט נישט אונטערגיין?

— מיר האָבן געזען, גרויסער מלך. ארויסגענומען און גוט באַטראַכט, אַ קליין ברויטל איז עס געווען, אַ ווייך, נישט דערבאַקן ברויטל . . . מיר האָבן עס געבראַכט, דיר צו ווייזן, מלך . . .

און דער עלטסטער נעמט דאָס ברויטל פון בוזעם אַרויס און ווייזט עס —

רופט צו דער מלך שלמה די אלמנה שונמית און פרעגט, צי זי דערקענט נישט, צי איז עס נישט איר ברויטל?

דערקענט זי: איר ברויטל.

פסקנט דער מלך שלמה, מען זאָל איר געבן די דריי זעקלעך גאָלד און זילבער. טוען אַזוי די לייט, דאַנקען און גייען.

און צו דער אלמנה ווענדט זיך דער מלך שלמה:

— נעם דאָס גאָלד מיטן זילבער. פאַר דיין דריט ברויטל האָט דיר גאָט באַצאָלט, און זיי ווסן, אַז קיינער טוט נישט גאָט להכעיס; אַז אַלץ געשעט לויט זיין ווילן, און אַז נאָר זיין שליחות טוט דער ווינט.

## באָנציע שווייג:

ד אָ, אויף ד ע ר וועלט, האָט באָנציע שווייגס טויט גאָר קיין איינדרוק נישט געמאַכט! פרעגט עמעצן בחרם: ו ו ע ר באָנציע איז געווען, ו ו י אַזוי ער האָט געלעבט, אויף ו ו אָ ס ער איז געשטאָרבן! צי האָט אינ'ם דאָס ה א ר ץ געפּלאַצט, צי די כ ו ח ו ת זיינען אים אויסגעגאנגען, צי דער מאַרך־ביין האָט זיך איבער־געבראָכן אונטער אַ שווערער לאַסט . . . ווער ווייסט? אפשר איז ער גאָר פאר הונגער געשטאָרבן?

אַ פערד אין טראַמוויי זאָל פאַלן, וואָלט מען זיך מער אינטערעסירט. ס'וואָלטן צייטונגען געשריבן, הונדערטער מענטשן וואָלטן פון אַלע גאַסן געלאָפן און די נבלה באַ־קוקט; באַטראַכט אפילו דעם אָרט, וואו די מפּלה איז געווען. . . — — —

באָנציע האָט שטיל געלעבט און איז שטיל געשטאָרבן!

ווי אַ שאָטן איז ער דורך — דורך אונדזער וועלט!

אויף באָנציעס ברית האָט מען קיין ווייַן נישט געטרונקען, עס האָבן קיין כוסות געקלונגען! צו בר־מצוה האָט ער קיין קלינגענדיקע דרשה נישט געזאָגט . . . געלעבט האָט ער, ווי א גרוי קליין קערנדל זאַמד ביים ברעג פון ים, צווישן מיליאָנען זיינס גלייכן; און, אַז דער ווינט האָט'ן אויפגעהויבן און אויף דער אַנדערער זייט ים אַריבערגעיאָגט, האָט עס קיינער נישט באַמערקט!

ביים לעבן האָט די נאַסע בלאָטע קיין צייכן פון זיין פוס נישט באַהאַלטן; נאָכן טויט — האָט דער ווינט דאָס

קליינע ברעטל פון זיין קבר אומגעוואָרפן; דעם קברנס ווייב האָט עס געפונען ווייט פון קבר און דערביי אַ טעפּל קאַרטאָפל אָפּגעקאָכט... עס איז דריי טעג נאָך באַנציעס טויט, פרעגט דעם קברן בחרם, וואו ער האָט'ן געלייגט!

וואָלט באַנציע א מצבה געהאט, וואָלט אפשר איבער הונדערט יאָר אָן אלטערטום-פאָרשער זי געפונען; און דער נאָמען „באַנציע שווייג" וואָלט נאָך אמאָל איבערגע-קלונגען אין אונדזער לופט!

אַ שאָטן! זיין פאָטאָגראַפיע איז נישט געבליבן ביי קיינעם אין מוח, ביי קיינעם אין האַרץ; עס איז פון אים קיין זכר געבליבן!

„קיין קינד, קיין רינד"; עלנט געלעבט — עלנט גע-שטאָרבן!

ווען נישט דאָס מענטשלעכע גערודער, וואָלט אפשר עמעצער אמאָל דערהערט, ווי באַנציעס מאַרך-ביין האָט אונטער דער לאַסט געקנאַקט; וואָלט די וועלט מער צייט געהאט, וואָלט עמעצער אפשר אמאָל באַמערקט, אז באַנ-ציע (אויך אַ מענטש) האָט לעבעדיקערהייט צוויי אויסגע-לאָשענע אויגן און שרעקלעכע איינגעפאַלענע באַקן; אז אפילו ווען ער האָט גאָר שוין קיין לאַסט נישט אויף די פּלייצעס, איז אים אויך דער קאָפּ צו דער ערד געבויגן, גלייך ער וואָלט לעבעדיקערהייט זיין קבר געזוכט! וואָלטן אַזוי ווייניק מענטשן ווי פערד אין טראַמוויי געוועזן, וואָלט אפשר אמאָל עמעצער געפרעגט: וואו איז באַנציע אַהינ-געקומען?!

ווען מען האָט באַנציען אין שפּיטאָל אַריינגעפירט, איז זיין ווינקל אין סוטערינע נישט ליידיק געבליבן — עס האָבן דערויף צען זיינס-גלייכן געוואַרט, און צווישן זיך דעם ווינקל „אין-פּלוס" ליציטירט; ווען מען האָט'ן פון

שפּיטאָל־בעט אין טויטן־שטיבל אַריינגעטראָגן, האָבן אויפן בעט צוואַנציק אָרעמע קראַנקע געוואַרט . . . ווען ער איז ארוים פון טויטן־שטיבל — האָט מען צוואַנציק הרוגים פון אונטער אַן איינגעפאַלן הויז געבראַכט. ווער ווייסט ווי לאַנג ער וועט רואיק וואוינען אין קבר? ווער ווייסט וויפיל עס וואַרטן שוין אויף דעם שטיקל פּלאַץ? . . .

שטיל געבוירן, שטיל געלעבט, שטיל געשטאָרבן און נאָך שטילער באַגראָבן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר נישט אַזוי איז געווען אויף י ע נ ע ר וועלט! ד אָ ר ט ן האָט באָנציעס טויט אַ גרויסן איינדרוק געמאַכט!

דער גרויסער שופר פון משיחס צייטן האָט געקלונגען אין אַלע זיבן הימלען: באָנציע שווייג איז נ פ ט ר געוואָרן! די גרעסטע מלאכים מיט די ברייטסטע פליגל זיינען געפלויגן און איינער האָט דעם אַנדערן איבערגעגעבן: באָנציע איז „נתבקש געוואָרן בישיבה של מעלה”! אין גן־עדן איז אַ רעש, אַ שמחה, אַ געררודער: „באָנציע שווייג! אַ שפּאַס — באָנציע שווייג ! ! ! ”

יונגע מלאכימלעך מיט בריליאַנטענע אייגעלעך, גאָלדענע דראָט־אַרבעטענע פליגעלעך און זילבערנע פּאַנטאָפעלעך זיינען באָנציען אַנטקעגן געלאָפן מיט שמחה! דער גערויש פון די פליגל, דאָס קלאַפּן פון די פּאַנטאָפעלעך און דאָס פריילעכע לאַכן פון די יונגע, פרישע, רויזיקע מיילעכלעך האָט פאַרפולט אַלע הימלען און איז צוגעקומען ביז צום כסא־הכבוד, און גאָט אַליין האָט אויך שוין געוואוסט, אַז באָנציע שווייג קומט!

אברהם אָבינו האָט זיך אין טויער פון הימל געשטעלט, די רעכטע האַנט אויסגעשטרעקט צום ברייטן

„שלום-עליכם!" און אַ זיסער שמייכל שיינט אַזוי העל אויף זיין אַלטן פּנים!

וואָס רעדלט אַזוי אין הימל?

דאָס האָבן צוויי מלאכים אין גן־עדן אַריין פּאַר באָנ־ציעס וועגן אַ גינגאָלדענע פּאָטער־שטול אויף רעדלעך גע־פירט!

וואָס האָט אַזוי העל געבליצט?

דאָס האָט מען דורכגעפירט אַ גאָלדענע קרוין, מיט די טייערסטע שטיינער געזועצט! אַלץ פּאַר באָנציען!

— נאָך פאַרן פּסק פון בית־דין של־מעלה? — פרעגן די צדיקים פאַרוואונדערט און נישט גאָר אָן קנאה.

— אָ! — ענטפערן די מלאכים. — דאָס וועט זיין אַ פּראָסטע פּוסטע פאָרמע! קעגן באָנציע שווייג וועט אפילו דער קטיגור קיין וואָרט אין מויל נישט געפינען! די „דיעלע" וועט דויערן פינף מינוט!

— איר שפּילט זיך מיט באָנציע שווייג?

---

אַז די מלאכימלעך האָבן באָנציען געכאַפּט אין דער לופט און אָפּגעשפּילט אים אַ זמר; אַז אברהם אבינו האָט אים, ווי אַן אַלטן קאַמעראַד, די האַנט געשאָקלט; אַז ער האָט געהערט, אַז זיין שטול איז גרייט אין גן־עדן; אַז אויף זיין קאָפּ וואַרט אַ קרוין; אַז אין בית־דין של־מעלה וועט מען איבער אים קיין וואָרט נישט ריידן, — האָט באָנציע, גלייך ווי אויף יענער וועלט, ג ע ש װ י ג ן פאַר שרעק! עס איז אים דאָס האַרץ אַנטגאַנגען! ער איז זיכער, אַז דאָס מוז זיין אַ חלום, אָדער אַ פּראָסטער טעות!

ער איז צו ביידע געוואוינט! נישט איינמאָל האָט זיך אים אויף יענער וועלט געחלומט, אַז ער קלייבט געלט אויף דער פּאָדלאָגע, גאַנצע אוצרות ליגן . . . און אויפ־

געכאַפּט האָט ער זיך נאָך אַ גרעסערער קבצן ווי נעכטן... נישט איינמאָל האָט אים עמעץ דורך א טעות צוגע־שמייכלט, אַ גוט וואָרט געזאָגט און איבערגעדרייט זיך און אויסגעשפּיגן...

— מיין מזל — טראַכט ער — איז שוין אַזוי!

און ער האָט מורא די אויגן אויפצוהויבן, דער חלום זאָל נישט פאַרשווינדן; ער זאָל זיך נישט אויפכאַפּן ערגעץ אין אַ הייל צווישן שלאַנגען און עקדישן! ער האָט מורא פון מויל א קלאַנג ארויסצולאָזן, מיט אַ גליד אַ ריר צו טאָן — מען זאָל אים נישט דערקענען און אַוועקשליידערן אויף כף־הקל.

ער ציטערט און הערט נישט די מלאכימס קאָמפּלי־מענטן, זעט נישט זייער טאַנצן אַרום אים, ער ענטפערט נישט אברהם אבינו אויפן הערצלעכן „שלום עליכם", און געפירט צום בית־דין של־מעלה, זאָגט ער אים קיין „גוט־מאָרגן" נישט...

אויסער זיך איז ער פאַר שרעק!

און זיין שרעק איז נאָך גרעסער געוואָרן, אז ער האָט, נישט ווילנדיק, דערזען די פּאָדלאָגע פון בית־דין של־מעלה. סאַמע אַלאַבאַסטער מיט בריליאַנטן! „אויף אַזאַ פּאָדלאָגע שטייען מיינע פיס!" — ער ווערט אינגאַנצן פאַרשטאַרט! „ווער ווייסט, וועלכן גביר, וועלכן רב, וועלכן צדיק מען מיינט... ער וועט קומען — וועט זיין מיין פינצטערער סוף!"

פאַר שרעק האָט ער אפילו נישט געהערט, ווי דער פּרעזעס האָט בפירוש אויסגערופן: „די דיעלע פון באָנציע שוויַיג!" און, דערלאַנגענדיק דעם מליץ־יושר די אַקטן, געזאָגט: „לעז, נאָר בקיצור!"

מיט באָנציען דרייט זיך דער גאַנצער סאַלאָן. עס

רוישט אים אין די אויערן. אינעם געררויש הערט ער דאָך אַלע מאָל שאַרפער דעם מלאך מליצם זים קול ווי אַ פידל:

— זיין נאָמען — הערט ער — האָט אים געפּאַסט ווי צו אַ שלאַנק לייב אַ קלייד פון אַן ארטיסט אַ שניידערס האַנט.

— וואָס רעדט ער? — פרעגט זיך באָנציע, און ער הערט ווי אַן אומגעדולדיק קול האַקט אים איבער און זאָגט:

— נאַר אַן משלים!

— ער האָט זיך קיינמאָל — הויבט ווייטער אָן דער מליץ-יושר — אויף קיינעם נישט געקלאָגט: נישט אויף גאָט, נישט אויף לייט; אין זיין אויג האָט קיינמאָל נישט אויפגעפלאַמט קיין פונק פון האַס; ער האָט עס קיינמאָל נישט אויפגעהויבן מיט אַ פרעטענזיע צום הימל.

באָנציע פאַרשטייט ווייטער נישט אַ וואָרט, און דאָס האַרטע קול שלאָגט ווייטער איבער:

— אַן רעטאָריק!

— איוב האָט נישט אויסגעהאַלטן, ע ר איז אומגליק-לעכער געווען — — —

— פאַקטן, טרוקענע פאַקטן! — רופט נאָך אומגע-דולדיקער דער פרעזעס. — — — —

— ער האָט אַלץ געשוויגן (פירט ווייטער דער מליץ-יושר). אפילו ווען די מוטער איז אים געשטאָרבן און ער האָט צו דרייצן יאָר אַ שטיף-מאַמע באקומען . . . אַ שטיף-מאַמע א שלאַנג, אַ מרשעת . . .

— מיינט מען דאָך אפשר פאָרט מיך? — טראַכט באָנציע.

— אַן אינסינואַציעס (מלשינות) אויף דריטע פּער-זאָנען, — בייזערט זיך דער פרעזעס.

— זי פלעגט אים קאַרגן דעם ביסן . . . אייערנעכטיק פאַרשימלט ברויט . . . האָר־פלאַקס פאַר פלייש . . . און זי האָט קאַווע מיט סמעטענע געטרונקען.

— צו דער זאַך! — שרייט דער פּרעזעס.

— זי האָט אים פאַר דאָס קיין נעגל נישט געקאַרגט און זיין ברוין־און־בלוי לייב פלעגט אַרויסקוקן דורך אַלע לעכער פון זיינע פאַרשימלט־צעריסענע קליידער . . . ווינטער, אין די גרעסטע פרעסט, האָט ער איר באָרוועס אויפן הויף האָלץ געהאַקט, און די הענט זיינען צו יונג און צו שוואַך געווען, די קלעצלעך צו דיק, די האַק צו שטומפיק . . . נישט איינמאָל האָט ער זיך די האַנט פון די געלענקען אויסגעריסן, נישט איינמאָל האָט ער זיך די פיס אָפּגעפרוירן, נאָר ג ע ש װ י ג ן האָט ער, אפילו זיך פאַרן פאָטער —

פאַרן שיכור! — לאַכט אריין דער קטיגור, און באַנציען ווערט קאַלט אין אַלע אברים —

— נישט געקלאַגט. — ענדיקט דער מליץ־יושר דעם זאַץ.

— און שטענדיק עלנט, — פירט ער ווייטער, — קיין חבר, קיין תלמוד־תורה, קיין חדר . . . קיין גאַנץ בגד . . . קיין פרייע מינוט — —

— פאַקטן! — רופט ווייטער דער פּרעזעס.

— ער האָט געשוויגן אפילו שפּעטער, ווען דער פאָטער האָט׳ן שיכורערהייט אַמאָל אָנגעכאַפּט ביי די האָר און אין מיטן א שנייענדיקער ווינטער־נאַכט אַרויסגעוואָרפן פון שטוב! ער האָט זיך שטיל אויפגעהויבן פון שניי און איז אַנטלאָפן, וואו די אויגן האָבן אים געטראָגן . . .

אויפן גאַנצן וועג האָט ער געשוויגן . . . ביים גרעסטן הונגער האָט ער נאָר מיט די אויגן געבעטלט!

ערשט אין אַ שווינדלדיקער, נאַסער פרילינג-נאַכט, איז ער אין אַ גרויסער שטאָט אַריין געקומען; ער איז אַריין ווי אַ טראָפּן אין אַ ים, און דאָך האָט ער די אייגענע נאַכט אין אַרעסט פאַרבראַכט . . . ער האָט געשוויגן, נישט גע־פרעגט פאַר וואָס, פאַר ווען? ער איז אַרוים און די שווער־סטע אַרבעט געזוכט! נאָר ער האָט געשוויגן!

שווערער פאַר דער אַרבעט איז געווען זי צו גע־פינען — ער האָט געשוויגן!

באָדנדיק זיך אין קאַלטן שוויים, צוזאַמענגעדריקט אונטער דער שווערסטער לאַסט, ביים גרעסטן קראַמף אין ליידיקן מאָגן — האָט ער געשוויגן!

באַשפּריצט פון פרעמדער בלאָטע, באַשפּיגן פון פרעמ־דע מיילער, געיאָגט פון טראָטואַרן מיט דער שווערסטער לאַסט אַראָפּ אין גאַסן צווישן דראָזשקעס, קאַרעטן און טראַמוויים, קוקנדיק יעדע מינוט דעם טויט אין די אויגן אַריין — האָט ער געשוויגן!

ער האָט קיינמאָל נישט איבערגערעכנט, וויפיל פּוד לאַסט עס קומט אוים אויף אַ גראָשן, וויפיל מאָל ער איז געפאַלן ביי יעדן גאַנג פאַר אַ דרייער, וויפיל מאָל ער האָט שיר נישט די נשמה אויסגעשפּיגן, מאָנענדיק זיין פאַר־דינסט; ער האָט נישט גערעכנט, נישט ז י י ן, נישט י ע נ ע מ ס מזל, נאָר געשוויגן!

זיין אייגן פאַרדינסט האָט ער אויך נישט הויך גע־מאָנט! ווי אַ בעטלער האָט ער זיך ביי דער טיר געשטעלט, און אין די אויגן האָט זיך אַ הינטישע בקשה געמאָלט! „קום שפּעטער" — און ער איז פאַרשוואונדן שטיל ווי אַ

שאַטן, כדי שפּעטער נאָך שטילער אויסצובעטלען זיין פּאַר־דינסט!

ער האָט אפילו געשוויגן, ווען מען פלעגט אים אָפּ־רייסן פון זיין פאַרדינסט אָדער אַריינוואַרפן אַ פאַלשע מטבע...

ער האָט אַלץ געשוויגן...

— מיינט מען דאָך טאַקע מיך! — טרייסט זיך באָנציע.

---

— איינמאָל — פירט ווייטער דער מליץ־יושר נאָך אַ טרונק־וואַסער — איז אין זיין לעבן אַן ענדערונג געשען... עס איז דורכגעפלויגן אַ קאַטש אויף גומענע רעדער מיט צעפלאַשעטע פערד... דער שמייסער איז שוין לאַנג פון ווייטנס געלעגן מיט אַ צעשפּאַלטענעם קאָפּ אויפן ברוק... פון די דערשראָקענע פערדס מיילער שפּריצט דער שוים, פון אונטער די פּאַדקאָוועס יאָגן זיך פונקען, די אויגן בליש־טשען, ווי ברענענדיקע שטורקאַצן אין אַ פינצטערער נאַכט — און אין קאַטש זיצט נישט טויט, נישט לעבעדיק אַ מענטש!

און באָנציע האָט די פערד פאַרהאַלטן!

און דער געראַטעוועטער איז געווען אַ ייד אַ בעל־צדקה און האָט באָנציען די טובה נישט פאַרגעסן!

ער האָט אים דעם דערהרגעטנס בייטש איבערגעגעבן; באָנציע איז אַ שמייסער געוואָרן! — — —

— מיך מיינט מען, מיך! — באַפעסטיקט זיך באָנציע אין דער דעה און האָט דאָך נישט די העזה אָן אויג צו וואַרפן אויפן „בית־דין של־מעלה"...

ער הערט זיך ווייטער איין צום מלאך־מליץ:

— ער האָט געשוויגן אפילו, ווען זיין בעל־טובה האָט אין קורצן באַנקראָטירט און אים זיין לוין נישט באַצאָלט...

ער האָט געשוויגן אפילו, ווען דאָס ווייב איז פון אים אַנטלאָפן און איבערגעלאָזט אים אַ קינד פון דער ברוסט...

ער האָט געשוויגן אפילו מיט פופצן יאָר שפּעטער, ווען דאָס קינד איז אויפגעוואַקסן און גענוג שטאַרק געווען — באַנציען אַרויסצוואַרפן פון שטוב...

— מיך מיינט מען, מיך! — פרייט זיך באַנציע.

---

— ער האָט אפילו געשוויגן, — הויבט אָן ווייכער און טרויעריקער דער מלאך־מליץ, — ווען דער אייגענער בעל־טובה האָט זיך מיט אַלע אויסגעגלייכט, נאָר אים קיין גראָשן שכירות נישט צוריקגעגעבן; און אפילו דעמאָלט, ווען ער איז באַנציען (ווייטער פאַרנדיק אויף אַ קאַטש מיט גומענע רעדער און פערד ווי לייבן) איבערגעפאָרן...

ער האָט אַלץ געשוויגן! ער האָט אפילו דער פאָליציי נישט געזאָגט, ווער עס האָט אים צורעכט געמאַכט...

---

ער האָט געשוויגן אפילו אין שפּיטאָל, וואו מען מעג שוין ש ר י י ע ן!

ער האָט געשוויגן אפילו, ווען דער דאָקטאָר האָט אָן פופצן קאָפּיקעס נישט געוואָלט צוגיין צו זיין בעט, און דער וועכטער, אָן פינף קאָפּיקעס — טוישן אים די וועש!

ער האָט געשוויגן ביים גוססן — ער האָט געשוויגן ביים שטאַרבן...

קיין וואָרט קעגן גאָט, קיין וואָרט קעגן לייט!

— דיקסי!

---

באַנציע הויבט אָן ווייטער צו ציטערן אויפן גאַנצן לייב. ער ווייסט, אז נאָכן מליץ־יושר גייט דער קטיגור! ווער ווייסט, וואָס ד ע ר וועט זאָגן! באַנציע אַליין האָט זיין לעבן נישט געדענקט. נאָך אויף יענער וועלט האָט ער יעדע מינוט די פריערדיקע פאַרגעסן . . . דער מלאך־מליץ האָט אים אַלץ דערמאָנט . . . ווער ווייסט וואָס דער קטיגור וועט אים דערמאָנען!

— רבותי! — הויבט אָן א שאַרף־שטעכנדיק־בריענדיק קול.

נאָר ער האַקט אָפּ.

— רבותי! — הויבט ער נאָך אַמאָל אָן, נאָר ווייכער און האַקט ווייטער אָפּ.

ענדלעך הערט זיך, פון דעם אייגענעם האַלדז אַרויס, כמעט א ווייך קול:

— רבותי! ע ר האָט געשוויגן, וועל איך אויך שווייגן!

עס ווערט שטיל — און פון פאָרנט הערט זיך אַ נייע ווייכע ציטערדיקע שטימע:

— באַנציע, מיין קינד באַנציע! — רופט עס ווי אַ האַרפע . . . — מיין האַרציק קינד באַנציע!

אין באַנציען צעוויינט זיך דאָס האַרץ . . . ער וואָלט שוין אַצינד די אויגן געעפנט, נאָר זיי זיינען פאַרפינצטערט פון טרערן . . . עס איז אים אַזוי זיס־וויינענדיק קיינמאָל נישט געוועזן . . . „מיין קינד", „מיין באַנציע" — זייט די מוטער איז געשטאָרבן, האָט ער אַזאַ קול און אַזוינע ווערטער נישט געהערט.

— מיין קינד! — פירט ווייטער דער אב־בית־דין. — דו האָסט אַלץ געליטן און געשוויגן! עס איז נישטאָ קיין גאַנץ גליד, קיין גאַנץ ביינדל אין דיין לייב אָן אַ וואונד,

אָן א בלוטיק אָרט; עס איז נישטאָ קיין איין באַהאַלטן אָרט אין דיין נשמה, וואו עס זאָל נישט בלוטן . . . און דו האָסט אַלץ געשוויגן . . .

דאָרט האָט מען זיך נישט פאַרשטאַנען דערויף! דו אַליין האָסט גאָר אפשר נישט געוואוסט, אַז דו קענסט שרייען און, אַז פון דיין געשריי קענען יריחום מויערן צי־טערן און איינפאַלן! דו אַליין האָסט פון דיין פאַרשלאָפע־נעם כוח נישט געוואוסט . . .

אויף יענער וועלט האָט מען דיין שווייגן נישט באַ־לוינט; נאָר דאָרט איז דער עולם השקר, דאָ אויפן עולם האמת וועסטו דיין לוין באַקומען!

דיך וועט דאָס בית־דין של־מעלה נישט משפטן, דיר וועט עס נישט פסקענען.

דיר וועט עס קיין חלק נישט אויס־און נישט אָפּטיילן! נעם דיר וואָס דו ווילסט! אלעס איז דיין!

באַנציע הויבט דאָס ערשטע מאָל די אויגן אויף! ער ווערט ווי פאַרבלענדט פון דער ליכט פון אַלע זייטן! אַלעס בלאַנקט, אַלעס בלישטשעט, פון אַלעס יאָגן שטראַלן: פון די ווענט, פון די כלים, פון די מלאכים, פון די דיינים, סאַמע ענגלען!

ער לאָזט די מידע אויגן אַראָפּ.

— טאַקע? — פרעגט ער מסופק און פאַרשעמט.

— זיכער! — ענטפערט פעסט דער אב־בית־דין! — זיכער, זאָג איך דיר, אַז אַלץ איז דיינס, אַלץ אין הימל געהערט צו דיר! קלויב און נעם וואָס דו ווילסט. דו נעמסט נאָר ביי דיר אַליין!

— טאַקע? — פרעגט באַנציע נאָך אמאָל, נאָר שוין מיט אַ זיכערן קול.

— טאקע! טאקע! טאקע! — ענטפערט מען אים אויף זיכער פון אלע זייטן.

— נו, אויב אזוי, — שמייכלט באַנציע, — וויל איך טאקע אלע טאָג אין דער פרי אַ הייסע בולקע מיט פרישע פוטער!

דיינים און מלאכים האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ פאַר־שעמט; דער קטיגור האָט זיך צעלאַכט.

# חסידיש:

צווישן צוויי בערג

אויב נישט נאָך העכער

הכנסת כלה

## צווישן צוויי בערג:

פון בריסקער רב און ביאַלער רבין האָט איר אוודאי געהערט, דאָך נישט אַלע ווייסן, אַז דער ביאַלער צדיק, ר׳ נחקע, איז פריער געווען דעם בריסקער רבס אַ תלמיד מובהק, אַז ער האָט ביי אים געלערנט אַ שיינע פּאָר יאָר, און דערנאָך ערשט איז ער נעלם געוואָרן, אָפּגעהאַלטן אַ פּאָר יאָר „גלות״, און איז נתגלה געוואָרן אין ביאַלע.

און אַוועק איז ער מהאי טעמא: מ׳האָט געלערנט תורה, נאָר די תורה, האָט דער רבי געפילט, איז טרוקענע תורה . . . מ׳לערנט למשל א דין פון שאלות נשים, פון בשר־בחלב, צי דיני ממונות . . . זייער וואויל! קומט ראובן ושמעון האָבן א דין תורה, קומט א משרת אַ שאלה פרעגן, אָדער אַן אשה האָט אַ שאלה, — קריגט באותה הרגע דאָס לערנען אַ חיות, לעבט עס אויף און ס׳האָט א ממשלה אויף דער וועלט. אָבער אַזוי, אָן זיי, פילט דער רבי, אַז די תורה, דאָס הייסט: דער גוף פון דער תורה, דער נגלה, דאָס, וואס ס׳ליגט פון אויבן אויף, איז טרוקן. נישט דאָס, האָט ער געפילט, איז תורת חיים! — תורה דאַרף לעבן! לערנען אַנדערע קבלה־ספרים האָט מען אין בריסק נישט געטאָרט. דער בריסקער רב איז געווען א מתנגד און בטבע א „נוקם ונוטר כנחש״. האָט עמעצער אָנגערירט אַ זוהר, א פּרדס, פלעגט ער שעלטן, אין חרם אַריינלייגן! איינעם האָט מען געכאַפּט ביי א קבלה־ספר, האָט ער אים געלאָזט אָפּגאָלן די באָרד דורך ערלים! וואָס קלערט איר?

דער מענטש איז יצא מדעתו געוואָרן, אין מרה־שחורה אַריינגעפאַלן. און, וואָס מער חידוש איז, ס׳האָט אים שוין קיין גוטער ייד נישט געהאָלפן! — איר שפּילט אייך מיטן בריסקער רב! און פונדעסטוועגן, ווי פאָרט מען עס אַוועק פון בריסקער רבס ישיבה?!

אַ צייט לאַנג האָט ער זיך טאַקע געשלאָגן מיט דער דעה.

נאָר איינמאָל האָט מען אים געוויזן אַ חלום. ס׳האָט זיך אים געחלומט, אַז דער בריסקער רב איז צו אים אַרײַנגעקומען און געזאָגט: „קום, נח, וועל איך דיך פירן אין גן־עדן התחתון אַריין". און ער האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט און געפירט. זיי זיינען געקומען אין אַ גרויסן פּאַלאַץ אַריין. אין פּאַלאַץ איז נישט געווען נישט קיין טיר און נישט קיין פענצטער, אויסער דער טיר, דורך וועלכער זיי זיינען אריינגעגאַנגען. ליכטיק איז דאָך אין פּאַלאַץ געווען, ווייל די ווענט, ווי ס׳האָט זיך דעם רבין געדאַכט, זיינען געווען פון קריסטאַל און האָבן געשלאָגן פון זיך אַליין אַ ליכטיקן גלאַנץ.

און זיי גייען אַזוי, און גייען, און מ׳זעט נישט קיין סוף.

— האַלט דיך אָן מיין יופּעצע, — מאַכט דער בריסקער רב, — דאָ איז פאַראַנען סאַליעם אין לשער ואין לספר, און קוים רייסטו דיך אָפּ פון מיר, וועסטו פאַרבלאָנדזשען אויף אייביק ...

דער רבי טוט אַזוי, און זיי גייען אַלץ ווייטער און ווייטער, און אויפן גאַנצן וועג זעט ער נישט קיין בענקל, קיין שום כלי־בית, גאָרנישט!

— דאָ זיצט מען נישט, — פאַרטייטשט אים דער בריסקער רב, — נאָר מ׳גייט אַלץ ווייטער און ווייטער! — און ער איז אים נאָכגעגאַנגען. און איין זאַל איז גרעסער

און ליכטיקער געוועזן פון דעם צווייטן, און די ווענט האָבן געשיינט דאָ מיט דער, דאָ מיט אַן אַנדער קאָליר; דאָ מיט עטלעכע, דאָרט מיט אַלערליי קאָלירן . . . נאָר קיין מענטשן האָבן זיי נישט געטראָפן אויפן וועג . . .

דער רבי איז מיד געוואָרן גייענדיק. ס'האָט אים באַגאָסן א שווייס, א קאַלטער שווייס. קאַלט איז אים אויך געוואָרן אין אַלע אברים. דערצו הויבן אים נאָך אָן די אויגן ווייט צו טאָן פון באַשטענדיקן גלאַנץ . . .

און ס'איז אים אָנגעפאלן א שטאַרקע בענקשאפט, א בענקשאפט צו יידן, צו חברים, צו כל ישראל! א קליי־ניקייט — מ'זעט קיין ייד נישט פאר זיך! . . .

— בענק נישט צו קיינעם. — מאַכט דער בריסקער רב. — דאָס איז אַ פּאַלאַץ נאָר פאר מיר און פאַר דיר . . . דו וועסט אויך אַמאָל זיין בריסקער רב!

און דער רבי האָט זיך נאָך מער דערשראָקן און אָנ־געכאפט זיך אָן דער וואַנט, נישט אומצופאלן. און די וואַנט האָט אים אָפּגעבריט! נאָר נישט ווי פייער בריט, נאָר ווי אייז בריט!

— רבי! — האָט ער אַ געשריי געטאָן. — די ווענט זיינען אייז, נישט קריסטאַל! פשוט אייז!

דער בריסקער רב שווייגט.

און דער רבי שרייט ווייטער:

— רבי, פירט מיך אַרויס פון דאַנען! איך וויל נישט זיין אַליין מיט אייך! איך וויל זיין צוזאַמען מיט כל ישראל!

און קוים האָט ער עס ארויסגעזאָגט, איז דער בריס־קער רב נעלם געוואָרן, און ער איז געבליבן איינער אַליין אין פּאַלאַץ.

קיין וועג, ווי אוים און ווי איין, ווייסט ער נישט; פון

די ווענט שלאָגט אויף אים אַ קאַלטער פּחד; און דאָס בענקשאַפט צו אַ ייד, צו דערזען אַ ייד, באַדיי אַ שוסטער, אַ שניידער, איז אַלץ ביי אים שטאַרקער און שטאַרקער געוואָרן. האָט ער אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען . . .

„רבונו של עולם, — האָט ער זיך געבעטן, — נעם מיך אַרויס פון דאַנען! בעסער אין גיהנום מיט כל ישראל צוזאַמען, איידער דאָ איינער אַליין!"

און באותו הרגע, האָט זיך אים באַוויזן אַ פּראָסט יידל, מיט אַ רויטן בעל-עגלהשן גאַרטל אויף די לענדן, און אַ לאַנגער בייטש אין דער האַנט. דאָס יידל האָט אים, שוויינגנדיק, אָנגענומען ביים אַרבל, אַרויסגעפירט פון פּאַלאַץ און איז — פאַרשוואונדן געוואָרן. אַזאַ חלום האָט מען אים געוויזן!

אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג, קוים וואָס ס'האָט אָנגעהויבן גרויען, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ס'איז קיין פּראָסטער חלום געווען. ער האָט זיך געשווינד אָנגעטאָן און געוואָלט לויפן אין בית-המדרש אַריין, לאָזן זיך פּותר חלום זיין פון די לומדים, וואָס נעכטיקן אין בית-המדרש. דורכגייענדיק דעם מאַרק, האָט ער אָבער דערזען אַ שטייענדיקע בויד, אַן איינגעשפּאַנטע גרויסע, פאַרצייטישע בויד, און ביי דער בויד איז געשטאַנען אַ בעל-עגלה, מיט אַ רויטן גאַרטל אַרום די לענדן, אַ לאַנגע בייטש אין דער האַנט, און פּונקט אַזאַ יידל, ווי דער, וואָס האָט אים אין חלום אַרויסגעפירט פון פּאַלאַץ.

שטויסט ער זיך, אַז „דברים בגו"; גייט ער צו און פרעגט:

— וואוהין פאָרט אַ ייד?

— נישט ד י י ן וועג! — ענטפערט דער בעל-עגלה גאָר גראָב.

— פאָרט? — בעט ער זיך. — אפשר וועל איך מיט־פאָרן!

דער בעל־עגלה האָט זיך אביסל פארטראכט און דער־נאָך געענטפערט:

— און צו פוס — זאָגט ער — קען אזא בחור נישט גיין? גיי דיר דיין וועג!

— און וואוהין זאָל איך גיין?

— וואו די אויגן וועלן דיך טראָגן. — ענטפערט דער בעל־עגלה און דרייט זיך אָפּ. — מיין דאגה!

דער רבי האָט פארשטאַנען און האָט זיך געלאָזט אין גלות אריין.

ווי געזאָגט, נתגלה איז ער געוואָרן עטלעכע יאָר שפּע־טער אין ביאַלע. (עד מפי עד, ווי אזוי ס'איז געוועזן, דער־צייל איך נישט, כאָטש ס'איז מויל און אויערן אויפצו־שטעלן!) — — —

נאָר צי האָט איר געקענט דעם בריסקער רב?

דאָס איז געוועזן א מענטש — אן עמוד ברזל, זאָג איך אייך:

א הויכער — הויכער ייד, טאַקע „משכמו ומעלה"...

אן אימה האָט ער געוואָרפן, ווי א מלכות! — א ווייסע לאַנגע באָרד, איין שפּיץ, געדענק איך נאָך ווי היינט, האָט זיך אים אריינגערוקט אונטערן גאַרטל, דער צווייטער שפּיץ־באָרד ציטערט איבערן גאַרטל...

ברעמען — ווייסע, דיקע, לאַנגע — א האַלב פּנים האָבן זיי אים פארשטעלט. און, אַז ער האָט זיי אויפגע־הויבן — רבונו של עולם! די נשים זיינען ממש צוריקגע־פאַלן, ווי פון א דונער צוריקגעוואָרפן, אזוינע אויגן האָט ער געהאַט! — חלפים, בלאַנקע חלפים האָבן אין זיי גע־בליצט! — — —

---

שמחת־תורה האָט דער בריסקער רב געזאָגט תורה ביים טיש. איך האָב געוואָלט אפילו ערגעץ אַנדערש זיין ביים טיש, נאָר איך האָב מורא געהאַט. בפרט, אַז מיט מיר איז געווען א מנין . . . מען וועט בענטשן „נברך אלהינו" . . .

מילא, וואָס זאָל איך אייך דערציילן? דעם בריסקער רבס תורה? אויב די תורה איז א ים, איז ער געווען דער לויתן אין ים; מיט איין תנועה גיט ער אַ שווים דורך צען מסכתות, מיט איין תנועה מישט ער אוים ש"ס ופוסקים! אַז ס'הילכט און שפריצט, זידט און קאָכט, טאַקע, ווי מ'דערציילט פון אמתן ים . . . דעם קאָפּ האָט ער מיר צע־שרויפט . . . נאָר „לב יודע מרת נפשו"! דאָס האַרץ מיינס האָט פאָרט נישט געהאַט קיין שמחת יום־טוב! און דע־מאָלט האָב איך מיך דערמאָנט אין רבינס חלום . . . און איך בין פאַרשטאַרט געוואָרן! די זון איז געלעגן אין פענצטער, וויין האָט ביים טיש נישט געפעלט, דער גאַנצער עולם, זע איך, שוויצט, און מיר? מיר איז געווען קאַלט, קאַלט ווי אייז! און דאָרטן, האָב איך געוואוסט, זאָגט מען אַנ־דערע תורה . . . דאָרטן איז ליכטיק און וואַרעם . . . יעדעס וואָרט איז דורכגעוועבט און דורכגעווייקט מיט אהבה און דבקות . . . מלאכים, פילט מען, פליען ארום שטוב; ממש מ'הערט, ווי ס'רוישן די גרויסע, ווייסע פליגל . . . אַי, רבונו של עולם! נאָר אַוועקגיין טאָר מען נישט!

פלוצלונג האַקט ער איבער, דער בריסקער רב, און גיט אַ פרעג:

— וואָס פאַר אַ רבין האָט איר עס דאָ?

— איינעם, א נח, — ענטפערט מען אים.

מילא, שניידט עס מיך ביים האַרץ! „איינעם, אַ נח" — אַך, די חנופה, די חנופה!

— אַ בעל־מופת? — פרעגט ער ווייטער.

— ווייניק, מ'הערט נישט . . . ווייבער אפילו דער־ציילן, נאָר ווער הערט זיי?

— ער נעמט אַ ז ו י געלט, אָן מופתים...

זאָגט מען אים שוין דעם אמת, אז געלט נעמט ער ווייניק און גיט אַ סך אַוועק.

דער בריסקער רב פאַרקלערט זיך.

— און לערנען קען ער?

— מ'זאָגט — אַ גדול!

— פון וואַנען איז ער, דער נח?

קיינער ווייסט נישט, און איך מוז ענטפערן. מאַכט זיך שוין אַ שמועס צווישן מיר מיטן בריסקער רב.

— איז ער נישט, דער נח, אַמאָל אין בריסק געוועזן? — פרעגט ער.

— צי דער רבי — שטאַמל איך — איז געוועזן אין בריסק? דאַכט זיך — יאָ!

— אַ! — מאַכט ער — אַ חסיד זיינער! — און ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן ווי אויף אַ שפּין.

און ער האָט זיך איבערגעדרייט צום עולם:

— ביי מיר, — זאָגט ער, — איז אַמאָל געוועזן אַ תלמיד „נח" . . . אפילו אַ גוט קעפּל, נאָר ס'האָט אים גע־צויגן אין יענער זייט אַריין. איך האָב אים איין מאָל גע־זאָגט, צוויי מאָל . . . איך האָב אים געוואָלט זאָגן צום דריטן מאָל, מזהיר זיין, איז ער מיר נעלם געוואָרן... צי איז עס נישט ד ע ר?

— ווער ווייסט?

און ער הויבט אָן אויסמאָלן: אַ דאַרער, אַ קליינער, אַ

שוואַרץ בערדל, שוואַרצע געקרייזלטע פּאות, אַ פּאַר־טראַכטער, אַ שטיל קול און דערגלייכן.

— ס'קען זיין, — זאָגט דער עולם, — אַז דאָס איז ער; קרוב לאמת!

איך האָב שוין גאָט געדאַנקט, אַז מ'האָט אָנגעהויבן בענטשן.

נאָר נאָך דעם בענטשן איז געשען אַזוינס, וואָס ס'האָט זיך מיר גאָרנישט געקאָנט חלומען.

דער בריסקער רב הויבט זיך אויף פון בענקל, רופט מיך אַוועק אין אַ זייט און זאָגט מיר שטילערהייט: פיר מיך צו ד י י ן ר ב י ן און מ י י ן תלמיד. נאָר, הערסט — קיינער זאָל נישט וויסן!

מן־הסתם פאָלג איך, נאָר אויפן וועג פרעג איך אים מיט שרעק:

— בריסקער רב, — זאָג איך, — מיט וואָס פאַר אַ כונה גייט איר?

און ער ענטפערט מיר פשוט:

— ס'איז מיר איינגעפאַלן ביים בענטשן, אַז איך בין ביז אַהער געוועזן אַ דן שלא בפניו... זען וויל איך, איך וויל אליין זען, און אפשר — האָט ער שפּעטער צוגעגעבן— וועט מיר גאָט העלפן, איך וועל ארויסראַטעווען מיינעם אַ תלמיד.

— ווייסט, שייגעץ, — מאַכט ער ווייטער מיט הלצה, — אַז אויב דיין רבי איז דער נח, וואָס האָט ביי מיר געלערנט, קען ער זיין אַ גדול בישראל, אַ בריסקער רב אַמאָל!

אַצינד האָב איך שוין זיכער געוואוסט, אַז דאָס איז ער, און דאָס האַרץ האָט ערשט אָנגעהויבן צאַפּלען...

---

און די צוויי בערג האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן... אַז איך בין אין דער מיט נישט געבליבן אויפן אָרט, איז טאַקע אַ נס מן השמים.

דער ביאַלער רבי, זכרונו לברכה, פלעגט שמחת־תורה אַרויסשיקן די חסידים שפּאַצירן אַרום דער שטאָט, און ער אַליין איז זיך געזעסן אויפן גאַניקל און געקוקט, און מקבל נחת געווען...

ס'איז נישט געווען היינטיקע ביאַלע. ס'איז געווען דעמאָלט גאָר אַ קליין שטעטל. סאַמע קליינע, נידעריקע, געבויטע הייזלעך, אויסער דער שול מיטן רבינס בית־המדרש. דעם רבינס גאַניקל איז געווען אויפן צווייטן שטאָק, און מ'האָט פון גאַניקל אַלץ געזען ווי אויף דער האַנט — די בערגלעך פון מזרח־זייט, דעם טייך פון מערב... און דער רבי זיצט אויפן גאַניקל און קוקט. דערזעט עט־לעכע חסידים, וואָס גייען און שווייגן, וואַרפט ער זיי אַראָפּ פון דער הויך אַ התחלה פון אַ ניגון. זיי כאַפּן אונ־טער און גייען שוין ווייטער זינגענדיק... און כיתות, כיתות גייען פאַרביי, און לאָזן זיך אַרויס פון שטאָט מיט געזאַנג, מיט אמתער פרייד, מיט אמתער שמחת־תורה... און דער רבי פלעגט זיך נישט רירן פון גאַניקל.

דעמאָלט אָבער האָט דער רבי, אפנים, דערהערט אַנ־דערע טריט, האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַנטקעגן געגאַנגען דעם בריסקער רב.

— שלום עליכם, רבי! — מאַכט ער מיט עניוות און מיט זיין זיס קול.

— עליכם שלום, נח! — האָט דער בריסקער רב גע־ענטפערט.

— זיצט, רבי!

דער בריסקער רב זעצט זיך און דער ביאַלער רבי שטעלט זיך פאַר אים.

— זאָג נאָר, נח! — מאַכט דער בריסקער רב מיט אויפגעהויבענע ברעמען. — וואָס ביסטו עס אַנטלאָפן פון מיין ישיבה? וואָס האָט דיר דאָרטן געפעלט?

— ס'האָט מיר, רבי, — ענטפערט ער געלאַסן, — אָטעם פארפעלט... איך האָב נישט געקאָנט דעם אָטעם כאפּן...

— ווי הייסט? וואָס רעדסטו, נח?

— נישט מיר, — פאַרטייטשט דער רבי מיט אַ שטיל קול, — נאָר מיין נשמה האָט אָטעם פאַרפעלט...

— פאַרוואָס, נח?

— אייער תורה, רבי, איז סאַמע דין, אָן רחמים איז זי! אָן אַ פונק חסד איז אייער תורה! און דעריבער איז זי אָן שמחה, אָן פרייען אָטעם... סאַמע ברזל ונחושת, אייזערנע חוקים, קופערנע דינים... און סאַמע הויכע תורה, פאַר לומדים, פאַר יחידי סגולה!...

דער בריסקער רב שווייגט, און דער רבי זאָגט ווייטער: „און זאָגט מיר, רבי, וואָס האָט איר פאַרן כלל ישראל? פאַרן האָלץ-העקער, פאַרן קצב, פאַרן בעל-מלאכה, פארן פּראָסטן ייד?... בפרט — פאַר אַ זינדיקן ייד? וואָס, רבי, האָט איר פאַר נ י ש ט לומדים?"

דער בריסקער רב שווייגט, גלייך ער פאַרשטייט נישט, וואָס מ'רעדט צו אים. און דער ביאַלער רבי שטייט אַלץ פאַר אים און זאָגט ווייטער מיט זיין זיס קול:

— זייט מיר מוחל, רבי, נאָר דעם אמת מוז איך אייך זאָגן... האַרט איז געוועזן אייער תורה, האַרט און טרוקן, ווייל זי איז נאָר דער גוף און נישט די נשמה פון דער תורה!

— די נשמה? — פרעגט דער בריסקער רב און רייבט זיך דעם הויכן שטערן.

— אוודאי! אייער תורה, רבי, האָב איך געזאָגט, איז נאָר פאַר יחידי סגולה, פאַר למדנים, נישט פאַר כל ישראל. און די תורה מוז זיין פאַר כל ישראל, די שכינה מוז רוען אויף כל ישראל, וואָרעם די תורה איז די נשמה פון כל ישראל!

— און דיין תורה, נח?

— איר ווילט זי זען, רבי?

— תורה — זען? — וואונדערט זיך דער בריסקער רב.

— קומט, רבי, איך וועל זי אייך ווייזן!... איך וועל אייך איר גלאַנץ ווייזן; די שמחה, וואָס שטראַלט אַרויס פון איר אויף אַלע, אויף כל ישראל!

דער בריסקער רב רירט זיך נישט.

— איך בעט אייך, רבי, קומט, נישט ווייט!

ער האָט אים אַרויסגעפירט אויפן גאַניקל. שטילער־הייט בין איך זיי נאָכגעגאַנגען.

דער רבי האָט דאָך דערפילט: — מעגסט נאָכגיין, — מאַכט ער, — שמעיה, היינט וועסטו אויך זען... דער בריסקער רב וועט אויך זען... ש מ ח ת ת ו ר ה וועט איר זען... איר וועט זען אמתע שמחת תורה!

און איך האָב געזען דאָס אייגענע, וואָס אַלע שמחת־תורה, נאָר איך האָב א נ ד ע ר ש געזען... ווי אַ פאָר־האַנג איז מיר אַוועקגעפאַלן פון די אויגן.

אַ גרויסער, ברייטער הימל — ממש אין־סוף, און בלוי, אַזוי העל־בלוי איז דער הימל געווען, אז ס'האָט מחיה גע־ווען דאָס אויג. איבערן הימל זיינען געשוואומען ווייסע, ממש זילבערנע, וואָלקנדלעך, און אז מ'האָט זיך אין זיי

איינגעקוקט, האָט מען געזען, ווי זיי ציטערן ממש פאַר פרייד, ווי זיי טאַנצן אונטער מיט שמחת תורה! הינטן ווייטער האָט ארומגענומען די שטאָט א גרינער, ברייטער גאַרטל, א טונקל-גרינער, נאָר דאָס גרינע איז געווען לע־בעדיק גרין, אזוי לעבעדיק, גלייך ס׳וואָלט א „חיות" אַרומגעפלויגן צווישן די גראָזן; וואָס אמאָל האָט זיך גע־דאַכט, פלאַמט ערגעץ אַנדערש אוים א חיות, א געשמאַק, אַ לעבן; — מ׳האָט געזען בחוש, ווי די פלעמלעך שפּרינ־גען און טאַנצן צווישן די גרעזלעך... גלייך זיי האַלדזן זיי און קושן זיי...

און אויף די לאַנקעס מיט די פלעמלעך האָבן זיך אַרומגעדרייט כיתות און כיתות פון חסידים... די אַטלע־סענע און אפילו די לאַסטינגענע קאַפּאָטעס האָבן געבלאַנקט ווי די שפּיגל, די צעריסענע ווי די גאַנצע... און די פלעמ־לעך, וואס האָבן זיך ארויסגעריסן פון צווישן די גרעזלעך, האָבן זיך געכאַפּט און געציעפּעט אָן די שפּיגלדיקע בגדי יום-טוב, און ס׳האָט זיך גערדאַכט, אז זיי טאַנצן אַרום יעדן חסיד, מיט התלהבות, מיט ליבשאַפט... און אלע כיתות חסידים האָבן געקוקט מיט וואונדערלעך דאָרשטיקע אויגן אַרויף צום רבינס גאַניקל . . . און די דאָרשטיקע אויגן, האָב איך געזען ממש בחוש, זויגן פון גאַניקל, פון רבינס פּנים, די ליכט, און וואס מער ליכט זיי האָבן געזויגן, הע־כער געזונגען האָבן זיי... אלץ העכער און העכער... אלץ לוסטיקער, אלץ הייליקער...

און יעדער כיתה האָט זיך געזונגען איר ניגון, נאָר אין דער לופט האָבן זיך די אלע ניגונים מיט אלע קולות אוים־געמישט; און צום רבינס גאַניקל איז צוגעקומען איין זמר, איין ניגון... גלייך אַלע זינגען איין זמר. און אַלע זינגען — דער הימל זינגט, די גלגלים זינגען, און די ערד פון

אונטן זינגט, און די נשמה פון דער וועלט זינגט... אלץ זינגט!

רבונו של עולם! איך האָב געמיינט איך צעגיי אין מתיקות...

ס'איז אָבער נישט באשערט געווען.

— מ'דארף מנחה דאוונען! — האָט פלוצלונג דער בריסקער רב ארויסגעזאָגט שארף; און אלץ איז פאַר־שוואונדן געוואָרן...

שטיל — דער פאָרהאנג איז מיר צוריקגעפאלן פאַר די אויגן: אויבן — א פשוטער הימל, אונטן — פשוטע פּאשע, פּשוטע חסידים אין צעריסענע קאפאָטעס... אלטע צעריסענע שטיקלעך ניגונים... אויסגעלאָשן די פלעמלעך — איך קוק אויפן רבין — זיין פּנים איז אויך חושך. — —

## אויב נישט נאָך העכער:

און דער נעמיראָווער פלעגט סליחות־צייט יעדן פרי־מאָרגן נעלם ווערן, פאַרשווינדן!

מ'פלעגט אים נישט זען אין ערגעץ; נישט אין שול, נישט אין ביידע בתי־מדרשים, נישט ביי א מנין, און אין דער היים אַוודאי און אַוודאי נישט. די שטוב איז געשטאַ־נען אָפן. ווער ס'האָט געוואָלט איז אַריין און אַרויסגע־גאנגען; געגנבעט ביים רבין האָט מען נישט; אָבער קיין לעבעדיק באַשעפעניש איז אין שטוב נישט געווען.

וואו קען זיין דער רבי?

וואו זאָל ער זיין? מן הסתם אין הימל! ווייניק גע־שעפטן האָט א רבי פאַר ימים־נוראים צו פארזאָרגן? יידע־

לעך, קיין עין־הרע, דאַרפן פּרנסה, שלום, געזונט, גוטע שידוכים, ווילן גוט און פרום זיין, און די זינד זיינען דאָך גרויס, און דער שטן מיט זיינע טויזנט אויגן קוקט פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער, און ער זעט, און פאַרקלאָגט, און מסרט... און — ווער זאָל העלפן, אז נישט דער רבי?

אַזוי האָט דער עולם געטראַכט.

איינמאָל איז אָבער אָנגעקומען א ליטוואַק, לאַכט ער! איר קענט דאָך די ליטוואַקעס; פון מוסר־ספרים האַלטן זיי ווייניק, דערפאַר שטאָפּן זיי זיך אָן מיט ש״ס ופוסקים. ווייזט דער ליטוואַק א בפירושע גמרא, — די אויגן שטעכט ער אוים. אפילו משה רבינו, ווייזט ער, האָט ביים לעבן נישט געקאָנט אַרויף אויפן הימל, נאָר געהאַלטן זיך צען טפחים א ו נ ט ע ר ן הימל. נו, גיי שפּאַר זיך מיט א ליטוואַק!

— וואו דען קומט אהין דער רבי?

— מיין דאגה! — ענטפערט ער און ציט מיט די אַקסלען, און תוך כדי דיבור (וואָס א ליטוואַק קען!) איז ער זיך מיישב צו דערגיין די זאַך.

---

נאָך דעמזעלבן פאַרנאַכט, באַלד נאָך מעריב, גנבעט זיך דער ליטוואַק צום רבין אין חדר אַריין, לייגט זיך אונ־טערן רבינס בעט און ליגט. ער מוז אָפּוואַרטן די נאַכט און זען, וואו דער רבי קומט אַהין, וואָס ער טוט סליחות־צייט.

אַן אַנדערער וואָלט אפשר איינגעדרעמלט און פאַר־שלאָפן די צייט; א ליטוואַק טוט זיך אַן עצה: לערנט ער זיך אויסנווייניק א גאַנצע מסכתא! איך געדענק שוין ניט: חולין, צי נדרים!

פאַרטאָג הערט ער, ווי מ׳קלאַפּט צו סליחות.

דער רבי איז שוין נישט געשלאָפן א צייט. ער הערט אים שוין אפשר א גאנצע שעה קרעכצן.

ווער ס'האָט געהערט דעם נעמיראָווער קרעכצן, ווייס, וויפיל צער פאר כל ישראל, וויפיל יסורים ס'האָט גע־שטעקט אין זיין יעדן קרעכץ... די נשמה פלעגט אויסגיין, הערנדיק דאָס קרעכצן. א ליטוואַק האָט דאָך אָבער אן אייזן האַרץ, הערט ער צו און ליגט זיך ווייטער! דער רבי ליגט זיך אויך: דער רבי, זאָל לעבן, אויפן בעט, דער ליטוואַק — אונטערן בעט.

---

דערנאָך הערט דער ליטוואַק, ווי די בעטן אין הויז הויבן אָן סקריפּען... ווי די בני בית כאַפּן זיך אַרויס פון די בעטן, ווי מ'מורמלט אַ יידיש וואָרט, מ'גיסט וואַסער אויף די נעגל, ס'קלאַפּן אויף און צו די טירן... דערנאָך איז דער עולם אַרויס פון שטוב, ס'ווערט ווייטער שטיל און פינצ־טער, דורכן לאָדן שיינט קוים אַריין אַ קליין ביסל ליכט פון דער לבנה...

מודה האָט ער געווען, דער ליטוואַק, אַז ווען ער איז געבליבן איינער אליין מיטן רבין, איז אים באַפאַלן אַן אימה. די הויט איז שוין אים אויפגעלאָפן פאַר שרעק, די וואָרצלען פון די פאות האָבן אים געשטאָכן אין די שלייפן ווי די נאָדלען.

אַ קלייניקייט: מיטן רבין און סליחות־צייט, פאַרטאָג, אַליין אין שטוב!...

אַ ליטוואַק איז דאָך אָבער איינגעשפּאַרט. ציטערט ער, ווי אַ פיש אין וואַסער און ליגט.

---

ענדלעך, שטייט דער רבי, זאָל לעבן, אויף...
פריער טוט ער, וואס א ייד דאַרף טאָן... דערנאָך גייט

ער צו צו דעם קליידער-אַלמער און נעמט אַרויס אַ פּעקל... עס באַווייזן זיך פאַרשע קליידער: לייוונטענע פּלודערן, גרויסע שטיוול, אַ סיערמיענגע, אַ גרויס פוטערן היטל מיט אַ ברייטן לאַנגן לעדערנעם פּאַס, אויסגעשלאָגן מיט מעשענע נעגעלעך.

דער רבי טוט עס אָן...

פון דער קעשענע, פון סיערמיענגע, שטאַרט אַרויס אַן עק פון אַ גראָבן שטריק... פון אַ פאַרשן שטריק!

דער רבי גייט אַרויס; דער ליטוואַק — נאָך!

דורכגייענדיק, טרעט אַפּ דער רבי אין קיך, בויגט זיך איין, פון אונטער אַ בעט נעמט ער אַרויס אַ האַק, פאַרלייגט זי אונטערן פּאַס און גייט אַרויס פון שטוב.

דער ליטוואַק ציטערט, נאָר ער טרעט נישט אָפּ.

---

אַ שטילער, ימים-נוראימדיקער פּחד וויגט זיך איבער די טונקעלע גאַסן. אָפּט רייסט זיך אַרויס אַ געשריי פון סליחות פון ערגעץ אַ מנין, אָדער אַ קראַנקער קרעכץ פון ערגעץ אַ פענצטער... דער רבי האַלט זיך אַלץ אין די זייטן פון די גאַסן, אין דעם שאָטן פון די הייזער... פון איין הויז צום אַנדערן שווימט ער אַרויס און דער ליטוואַק נאָך אים...

און דער ליטוואַק הערט, ווי זיין אייגן האַרץ-קלאַפּן מישט זיך צוזאַמען מיטן קול פון רבינס שווערע טריט; אָבער גיין גייט ער, און קומט צוזאַמען מיטן רבין אויס דער שטאָט אַרויס.

---

הינטער דער שטאָט שטייט אַ וועלדל.

דער רבי, זאָל לעבן, נעמט זיך אין וועלדל אַריין. ער מאַכט אַ דרייסיק-פערציק טריט און שטעלט זיך אָפּ ביי אַ

ביימל און דער ליטוואַק ווערט נבהל ונשתומם, זעענדיק, ווי דער רבי נעמט אַרויס פון פּאַס די האַק און שלאָגט אין ביימל אַריין.

ער זעט, ווי דער רבי האַקט און האַקט, ער הערט ווי דאָס ביימל קרעכצט און קנאַקט. און דאָס ביימל פאַלט, און דער רבי שפּאַלט עס אויף ליפּעס... די ליפּעס — אויף דינע שייטעלעך; און ער מאַכט זיך א בינטל האָלץ, נעמט עס אַרום מיטן שטריק פון קעשענע, ער וואַרפט דאָס בינטל האָלץ איבער די פּלייצעס, שטעקט צוריק אַריין די האַק אינעם פּאַס, לאָזט זיך אַרויס פון וואַלד און גייט צוריק אין שטאָט אַריין.

אין א הינטער-געסל שטעלט ער זיך אָפּ ביי אַן אָרעם, האַלב-איינגעבראָכן הייזל און קלאַפּט אָן אין פענצ-טערל.

— ווער איז? — פרעגט מען דערשראָקן פון שטוב אַרויס. דער ליטוואַק דערקענט, אז ס׳איז א קול פון אַ יידענע, פון א קראַנקער יידענע.

— יאַ! (איך) — ענטפערט דער רבי אויף פּויעריש לשון.

— קטאָ יאַ? (ווער איך) — פרעגט מען ווייטער פון שטוב. און דער רבי ענטפערט ווייטער אויף מאַלאָראָסיש לשון: וואַסיל!

— וואָס פאַר אַ וואַסיל און וואָס ווילסטו, וואַסיל?

— האָלץ — זאָגט דער פארשטעלטער וואַסיל, — האָב איך צו פאַרקויפן! זייער ביליק. בחצי חינם האָלץ!

און ניט וואַרטנדיק אויף תשובה, נעמט ער זיך אין שטוב אַריין.

---

דער ליטוואַק גנבעט זיך אויך אַריין און, ביים גרויען ליכט פון פריען מאָרגן, זעט ער אַן אָרעמע שטוב, צעבראָכן, אָרעם כלי־בית... אין בעט ליגט אַ קראַנקע יידענע, פאַרוויקלט מיט שמאַטעס, און זי זאָגט מיט אַ ביטער קול:

— קויפן? מיט וואָס זאָל איך קויפן? וואו האָב איך, אָרעמע אלמנה, געלט?

— איך וועל דיר באָרגן! — ענטפערט דער פאַרשטעלטער וואַסיל. — אינגאַנצן זעקס גראָשן!

— פון וואַנען וועל איך דיר באַצאָלן? — קרעכצט די אָרעמע יידענע.

— נאַריש מענטש, — מוסרט זי דער רבי, — זע, דו ביסט אַן אָרעמע קראַנקע יידענע, און איך געטרוי דיר דאָס ביסל האָלץ; איך בין בטוח, אַז דו וועסט באַצאָלן; און דו האָסט אַזאַ שטאַרקן, גרויסן גאָט, און געטרויסט אים נישט.. און האָסט אויף אים אויף נאַרישע זעקס גראָשן פאַרן בינטל האָלץ, קיין בטחון נישט!

— און ווער וועט מיר איינהייצן? — קרעכצט די אלמנה. — איך האָב דען כוח אויפצושטיין? מיין זון איז אויף דער ארבעט געבליבן.

— איך וועל דיר איינהייצן אויך. — זאָגט דער רבי.

---

און, אַריינלייגנדיק דאָס האָלץ אין אויוון, האָט דער רבי, קרעכצנדיק, געזאָגט פון סליחות דעם ע ר ש ט ן פזמון...

און, אַז ער האָט עס אונטערגעצונדן, און דאָס האָלץ האָט פריילעך געברענט, האָט ער געזאָגט, שוין אַביסל לוסטיקער, פון די סליחות דעם צ ו ו י י ט ן פזמון...

דעם דריטן פזמון האָט ער געזאָגט, ווען ס'האָט זיך אויסגעברענט, און ער האָט די בלעך פאַרמאַכט...

---

דער ליטוואַק, וואָס האָט דאָס אַלץ געזען, איז שוין געבליבן אַ געמיראָוועֶר חסיד.

און שפּעטער, אויב אַ חסיד האָט אַמאָל דערציילט, אַז דער געמיראָוועֶר הויבט זיך אויף, סליחות-צייט, יעדן פרי-מאָרגן, און פליט אַרויף אין הימל אַריין, פלעגט שוין דער ליטוואַק נישט לאַכן, נאָר צוגעבן שטילערהייט:

— אויב נישט נאָך העכער!

## הכנסת-כלה:

ר׳ עוזר האָפּנדשטאַנד איז, קיין עין-הרע, אַ ייד — אַ גביר; אפשר אַ מיליאָנער; ער האָט שוין עפּעס צו זאָגן אויף דער וועלט, אויף יענער — אוודאי!

אָט, זיצט ער ביים טיש, ביים „וואַרימעס".

אַ טיש — ווער מיר גוטס גינט! די סעודה הויבט זיך אָן מיט הערינג, קילקעס, סאַרדינען...

זילבער — ווי האָלץ! עס בלאַנקט אויפן טיש, אינעם אָפענעם קרעדענץ; אַרום אויף די ווענט הענגען אַ צען זילבערנע טאַצן, וואָס קענען שוין אין קרעדענץ נישט אַריין. פון איבער דעם שאַנק בליצט אַראָפּ אַ גרויסער חנוכה-לאָמפּ מיט אויסגעשניצטע בלומענרערן, און אין ביידע זייטן שטייען, ווי אויף דער וואַך, צוויי אומגעהויערע שבתניקעס.

ער אַליין, ר׳ עוזר, איז אַ קליין, דאַר יידל, און ווערט אינגאַנצן פאַרלאָרן אינעם גרויסן, מיטן רויטן סאַמעט אויסגעבעטן פאָטער-שטול. קוים איבער דעם אָנלען גלאַנצט דאָס גרין-סאַמעטענע הויך, ברייט און שטייף

אויפגעשטעלטע היטל, די פאָרם איז זיין אייגענע דער־
פינדונג! דערמיט וועט ער איבערגיין אין דער חסידישער
מויל־געשיכטע איש־מפּי־איש אויף אייביק! — — —

עסן עסט ער שווייגנדיק, מיט ערנסט־איינגעצויגענע
שטערן און ברעמען, אָן אַ בליק פאַר די בייזיצער.

און דער לאַנגער טיש איז באַזעצט. רעכטס — אַ
שורה נקבות: דאָס ווייב, צוויי טעכטער, אַ שנור מיט דריי
אייניקלעך; אין דער לינקער האַנט — מאַנספּערזאָנען:
צוויי זין, איין איידעם און זייערע דריי חדר־יינגלעך.

דאָס ווייב טראָגט אַן אויסגעשטיקט האָר־באַנד אונ־
טער אַ טיפע קאָפּקע, מיט פלאַטערדיקע ברייטע, פלאַ־
מענדיק־רויטע בענדער, — די טעכטער טראָגן שייטלען,
די שנור האָט שוין דערגרייכט צו פּריזירטע „קרעפּינקעס”.

די מיידלעך דאַרפן זיך די האָר נישט פאַרשטעלן. די
„גרזיוועקעס” יאָגן זיך פריי ארום איבער די שמאָלע
שטערן. — — —

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, איז נאָך אויבנאָן ר' עוזרס מו־
טער געזעסן! אַ יידענע אין אַ שטערן־טיכל, אראָפּגעהאַנ־
גענע אוירינגלעך און אַ ברוסט־טיכל מיט אַן אויבל, — איז
זי שוין אויפן עולם אמת...

די מענער טראָגן זיך אויך פאַרשיידן. ר' עוזר אליין
זיצט אין זיין חסידישן „צילינדער”. דער זון — אין אַ
ש פּ י צ י ק ע, די איידעמס — אין פלאַכע, קאָנטיקע יאַר־
מולקעס. די חדר־יינגלעך טראָגן שוין „קאַשקעטלעך”, אויף
וועלכע ר' עוזר וואַרפט אלעמאָל אַ בייז אויג; דער היטל־
מאַכער האָט פאַרשמעלט און פאַרקירצט די פאָרם!

יענע וואָך איז נאָך דאָ געזעסן אַ מלמד אין אַ קאָפּ־
טאָן מיט סטראָקעס; האָט מען אים ערגעץ אויפגענומען
פאַר אַ רב אין אַ שטעטל, דאַרף ערשט ר' עוזר פאָרן צום

רבין פרעגן אויף א נייעם מלמד. גלאַט אַזוי לאָזט ער נישט אין שטוב אַריין!

„היינטיקע צייטן", טראַכט ער, און זיפצט.

ער קוקט אַרום און זעט, ווי די צייט רייסט אַלע מינוט אָפּ אַ שטיין פון דעם מויער, מיט וועלכער ער האָט זיך אַזוי קונציק אַרומגעבויט, אָפּצוטיילן זיך פון דער אַפּיקור־סישער גרויסער וועלט, צו וועלכער ער געהערט לויטן פאַרמעגן. זי, די נייע צייט, גנבעט זיך אַריין ווי אַ וואַ־סער אין זיין אַלטער תיבה, אין וועלכער ער האָט געוואָלט איבערשווימען דאָס „דייטשע מבול", אַז קיינער פון זיין משפּחה זאָל זיך אפילו קיין פוס נישט איינגעצן, אָבער ס'גייט נישט!

אין אייניקל אַ מיידל — האָט מען נאָר געלערנט אַ ביסל שרייבן, האָט מען זי שוין געכאַפּט לעזן אַ ראָמאַן; אַ שנור האָט זי פאַרמסרט, מן הסתם איז „ראָמאַנען" נישט קיין גוטס.

אין צווייטן אייניקל — אַ יינגל — איז פּלוצלונג אַריין אַ דיבוק — ער האָט זיך איינגעשפּאַרט: אין שקאָלע אַריין. ס'האָט נישט געהאָלפן קיין ריידן, קיין בעטן, קיין חלשן, קיין שלאָגן אפילו. מען האָט אים קוים איינגענו־מען מיט אַ גאָלדן זייגערל!

ער ציט איין נאָך פעסטער די ברעמען — ער זעט בחוש, מיט זיינע אויסגעוויינטע, אַלטע אויגן, מיט וועלכע ער האָט אַזוי פיל תהלים געזאָגט, אַזוי פיל געלט געציילט און אַזוי פיל וועלט געזען, אַז די צייט האָט קיין רחמנות נישט, אַז זי ווישט און ווישט אָפּ דאָס אַלטע, דאָס פאַר־שימלטע, דאָס הייליקע!

עס עפנט זיך די טיר.

עס קומט אַריין אַן איבערגעבויגענער ייד מיט אַ ווייסער צעפּלאָשעטער באָרד, וואָס פּלאָנטעט זיך צוזאַמען מיט די פעדים פון דער אַלטער אָפּגעריבענער קאַפּאָטע, אַ בלייך פּנים אונטער אַן אויסגעפּעצטן היטל.

דער דלות אַליין איז אַריינגעקומען.

— שלום עליכם, מענדל, — רופט צו אים דער מיליאָנער.

— עליכם שלום, עוזר, — ענטפערט מענדל־דלות.

ער גייט צו צום טיש, דער באַלעבאָס וויקלט זיך אַרום די האַנט אין אַ סערוועט און דערלאַנגט אים „שלום־עליכם".

דאָס אייגענע טוען די איידימס, די אייניקלעך, אײנס נאָר פאַרקרימט זיך. —

מ׳זאָל אים נאָך אַ ברעלאָק קויפן צום זייגערל, וואָלט ער זיך אפשר נישט פאַרקרימט אויך.

מענדל אָבער באַמערקט עס נישט, און שמייכלט:

— עפּעס האָסטו, עוזר, צו פיל ווייבער ביים טיש!

— סאַמע אייגענע! — ענטפערט עוזר ערנסט און מיט אַ זיפץ.

אין האַרצן איז ער מסופק, אויב אַ שנור איז אַן אייגענע.

— ווייסטו וואָס, עוזר, מאַכט ווייטער מענדל, איך וועל נעמען אַ טרונק בראָנפן.

— נו!

— נו, שקצימלעך, לאָזט!

און דער „דלות" רוקט זיך אַריין צווישן צוויי אייניקלעך־שטולן און נעמט אַ ביסל בראָנפן.

— און פאַרבייסן? פרעגט ער, אויפהויבנדיק די

פייכטע אויגן צו דער באַלעבאָסטע.

עוזר גיט אַ וואָרף אַן אויג, שוין מיט אַ גרימצאָרן, אויף דער גאַנצער שורה ווייבער: וואָס איז, זיי זעען נישט, אַז מען דאַרף צו פאַרבייסן?

דאָס ווייב פאַרשטייט דעם וואונק, ס'גלוסט איר דאָך, אַ פּנים, נישט אויפצוהויבן —

— כאַפּט אַ שטיקל פּאָלקע! — מאַכט זי.

— אָבער גאָר לאָ — ענטפערט מענדל, — צו דעם וועל איך זיך ערשט וואַשן, כּדבעי! דערווייל — לעקעך, לעקעך קומט מיר.

— זאָג נאָר, שׂרה — פרעגט ער איבער די באַלע־באָסטע — האָסט דען גאָרנישט חתונה געמאַכט איבער דער צייט, האַ?

איינע פון די מיידלעך פאַרקרימט זיך און טראָגט דאָך צו אַ שטיקל לעקעך פון קרעדענץ.

מענדל־דלות טרינקט לחיים און פאַרבייסט.

— צינד, גיי איך מיך וואַשן.

ער קוקט זיך אום, זוכט אַפּ דאָס האַנטפאַס, און גייט צו.

אַ דינסט טראָגט דערווייל אַריין אַ קאָכעדיקע וואַזע.

עוזר שיקט ווייטער צום ווייב אַ צאָרנדיקן בליק.

— טראָג דערווייל צוריק! — קאָמאַנדירט דאָס ווייב — געקומען אַ גאַסט.

די דינסט וואַרפט אַ קרום אויג אויפן דלות און גייט צוריק.

---

נאָכן עסן און נאָכן בענטשן מזומן, האָט מענדל־דלות אַרויסגעיאָגט די ווייבער פון שטוב מיטן בייסנדיקן רויך פון זיין ליולקע־ציבעק. ער שמייכלט פאַרגעניגט און קוקט

זיך אום און דערזעט וואָס ער זוכט — די קאַנאַפּע. דער קאָפּ איז אים שווערלעך; שוין לאַנג אַזאַ שווערן מאָגן נישט געהאַט. ער הויבט זיך שווער אויף פון שטול, וואַקלט זיך צו און ציט זיך אויס אויף דער קאַנאַפּע.

עזור פרעגט:

— ווילסט אַ ביסל שלאָפן?

— יאָ, איך וועל דערנאָך מיט דיר ריידן. — ער גע־נעצט אָפּ און גיט צו: איך וועל, אם ירצה־השם, ביי דיר זיין אַ פּאָר טאָג.

— נו, שלאָף — מאכט עזור ארויסגייענדיק; די רעשט בני־בית גייט אים נאָך.

---

אין אַ פּאָר שעה אַרום איז עזור צוריקגעקומען און גע־טראָפן שוין מענדלען ליגן מיט אָפענע אויגן.

— נו, וואָס מאַכסטו, מענדל? — פרעגט ער אים און זעצט זיך אים צוקאָפּנס אויף אַ שטול.

— אַזוי, — ענטפערט מענדל, — האָסט נישט אַ גלאָז טיי?

עזור קלינגט און באַשטעלט ביים ווייב, וואָס ווייזט זיך אין טיר, דעם סאַמאָוואַר.

מענדל גענעצט.

— וואָס טוסטו, אייגנטלעך, דאָ? — פרעגט דער גביר.

— וואָס איך טו דאָ, ווילסטו וויסן? — חזרט מענדל־דלות איבער די שאלה — כ׳מאַך חתונה! —

— דיין שמערלען?

— ניין, כ׳האָב נאָך אַן עלטערע טאָכטער....

— אַזוי?

— ווי דען...

— נו?

— נו נו! דאַרף מען... פאַרשטייסטו, נדן...
— ביי מיר האָסטו שוין א פינף און צוואַנציקער!
מענדל זעצט זיך אויף:
— איך לאָך אוים דיין טאַטן!
— וויפיל דען, מיינסטו?...
— וויפיל איך מיין? איך דאַרף פינף הונדערט רובל!
— פינף הונדערט רובל? — וואונדערט זיך דער מיליאָנער.
— כ'האָב צוגעזאָגט!
— נו? און אז מען זאָגט צו?
— שוטה! דאָס האָב איך שוין ביים צוזאָגן געמיינט, מאַכט זיך אָבער אַ מעשה... — — — נאָר פאַרשטופן דעם טרפהנעם פיסק מוז איך. דאַרף איך טאַקע די גאַנצע פינף הונדערט קאַרבוינעס!
— און פאַרוואָס נאָר ביי מיר?
— חוץ מזה — פירט מענדל-דלות ווייטער זיין זאַך — דאַרף מען חתונה-הוצאות, ווי דער סדר עולם איז... חתונה-קליידער האָב איך שוין.
— און אַלץ איך? — פרעגט נאָכאַמאָל ר' עוזר נישט זייער צופרידן — פאַרוואָס גייסטו נישט צו בערלען, צו חיימען?...
דלות ווערט בייז:
— כ'בעט דיר זייער, וואָס ווילסטו פון מיין לעבן האָבן? איך האָב כוח צו אייערע שטיינערנע גאַסן, צו אייערע טרעפּ? איך זאָל אויף דער עלטער קלינגען אונטער די טירן!
ער שטעלט זיך אויף:
— מענטשן — שפּריצט ער מיט א כעס — וואוינען אין גאַסן, וואָס זיינען לאַנג ווי דאָס גלות... מער טרעפּ ווי

הויז... און איך לייד אויף אסטמא, זאָל איך גיין! גיי דו! געגוג אומגעגאנגען... מיין דאגה? ! אז איך האָב גע־האַט, האָב איך געגעבן!

עוזר שווייגט, און מענדל זעצט זיך צוריק.

— און וואו איז דיין טיי? — פרעגט ער אומגע־דולדיק.

עוזר קלינגט נאָכאמאָל און פון דער צווייטער שטוב הערט זיך דעם ווייבס תשובה, אז ס׳וועט באלד זיין.

מענדל געגעצט ווייטער.

— איך מיין באמת — מאכט ווייטער עוזר — פאר־לאנגסטו, איך זאָל אינגאנצן געבן! דאַרפסט דאָך האָבן „יהדות״!

— חס ושלום — ענטפערט מענדל — נעם וואו דו ווילסט, נאָך איך גיין קען נישט! איך קען נישט!

— בין איך שולדיק?

— הער, עוזר! איך דאַרף 500 רובל נדן און א 50 רובל חתונה-הוצאות; אַ ביסל חתונה-קליידער, ווי גע־זאָגט, האָב איך... מיט דער רעשט וועל איך אים שוין אָנ־פייפן דעם אלטן תרח... איז בסך-הכל — 550 רובל... פון דעם טאָר שוין קיין דרייער נישט פעלן!

עוזר שאָקלט מיטן קאָפּ; ער איז כמעט מודה: אָבער...

— און דערויף — לאָזט אים מענדל צום וואָרט נישט קומען — האָב איך דאָס!

ער וואַרפט ארויס פון בוזעם אויף עוזרס שויס א פאַר־פעצט לייוונטן בייטעלע.

— צייל, — מאכט ער.

עוזר נעמט זיך צום בייטל, קראַצט אַרויס אַ פּעקל פאַרקנוילטע באַנק-צעטלען און ציילט אוים 164 רובל.

— איך האָב פאַרקויפט — פארטייטשט אים מענדל

— די שטוב מיינע, האָב איך דאָס געלט!

עוזר פּאַקט צוריק דאָס געלט אין בייטל אַריין און וויל עס צוריקגעבן מענדלען.

— ניין, — ווערט זיך מענדל אָפּ — איך האָב געשוואָ־לענע פּיס... גיין וועל איך נישט... דאָס געלט האַלט שוין ביי דיר... איך האָב ביי דיר 550 רובל! און צייט גיב איך דיר. איך וועל דאָ זיין עטלעכע טעג, וועסט האָבן גענוג צייט! אגב — וועל איך מיר ביי דיר אַ ביסל אָפּרוען און אָנעסן זיך — פאַרשטייסט! הכלל — צייט האָסטו גענוג!... פּאַרן אַוועקפאָרן וועסטו מיר געבן דיינס אַ שלישית אויף 500 רובל, 50 רובל מזומן אויף חתונה־הוצאות און אַ פינ־פער רובל צו פאָרן קיין גער. — נעמען מעגסטו ביי וועמען דו ווילסט... נישט מיין דאגה!

— נו! — ברומט עוזר —

— און אין גער — מאַכט מענדל — וועל איך שוין בלייבן... וועט זיך מיר גלוסטן, וועל איך אַמאָל אַריינפאַלן צו דיר אויף אַ פּאָר וואָכן.

— נו! — ברומט ווייטער ר׳ עוזר.

— שלאָפן — מאַכט מענדל — וועל איך טאַקע, אויב איך וועל קומען, דאָ, אויף דער קאַנאַפּע, אַ וואוילע קאַ־נאַפּע...

# אינהאַלט:

## פרץ וועגן זיך:


זייט

מיינע קינדער-יאָרן ..... 7
מיין עלטער-זיידע ..... 7
מיין עלטער-באָבע ..... 8
מיין זיידע ..... 8
מיין באָבע ..... 9
ר׳ בערישל ..... 9
די רביצין ..... 10
מיין מאַמע ..... 10
מיין טאַטע ..... 10
מיכל מלמד ..... 12
ר׳ יודל ..... 13
מיין שטאָט זאַמאָשטש ..... 14
איך אַליין ..... 16


## לידער און באַלאַדן:


די צוויי ברידער ..... 21
דריי נייטאָרינס ..... 25
פאָלקס-מאָטיוו ..... 27
מיין נישט ..... 27
מאָניש ..... 29


## פאָלקסטימלעכע געשיכטן:


ביים גוסס צוקאָפּנס ..... 49
דריי מתנות ..... 59
דריי קיכלעך ..... 75
באָנציע שווייג ..... 86


## חסידיש:


צווישן צוויי בערג ..... 101
אויב נישט נאָך העכער ..... 113
הכנסת-כלה ..... 119